# AFN PANTSER-SHIF POTYOMKIN

Evgenil Sergeevich Byvalov

•



NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
AMHERST, MASSACHUSETTS



זיד-וועסט

# אפן פאנצער-שיף
# פּאָטיאָמקין





צענטראַרפאַרלאג
1930

זיד-וועסט (יע ביוואלאָוו)

# אפן פאנצער-שיף פאָטיאָמקין

יידיש ר—ן

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פ. ס. ס. ר.
1930 מאָסקווע—כארקאָוו—מינסק 1930



## אפן טענדער

פרימאָרגן. יאַם שטילקייט. דער יאַם שפּילט זיך אין בלויקייט. אין דער העלער הימל־ליכטיקייט באָדן זיך פלינקע מעוועס. אפן רעיד שטייט די פראַכט פון שוואַרציאַמישן פלאָט, דער ריז „פּאָטיאָמקין". ניט ווייט פון אים — דער מינענטרעגער „267".

שטיל ריידן זיך דורך די מאַטראָסן. אפן פּאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין" איז עפּעס ניט מיט אַלעמען.

דער שיף־קאָך * דאַניליוק פון „פּאָטיאָמקין" האָט זיי דערציילט:

— די שיף־קאָמאַנדע ליאַרעמט.

---

* קעכער.

פון מינענטרעגער האָט מען אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז די מאַיסע?

דאַניליוק מיט אַ נידעריקער שטים:

— זיי ווילן ניט עסן דעם זופּ, פאַרדרן טיי, דראָען...

— וואָסי? האָט אַ פרעג געטאָן דער מאַטראָס פון „267"־טן, סערגיי גאָלאָוויצקי.

דער קאָך דאַניליוק האָט צענויפגעלייגט ווי אַ רופאָר די הענט, ער קוקט זיך אַרום — עס זאָל עמיצער ניט אונטערהערן. און ער זאָגט שטיל קוים צו הערן:

— ווערים...

פּידאָפּרי־האָרא האָט צוגעגעבן:

— אָט אויסוווּרפן!

גאָלאָוויצקי האָט צונויפגעדריקט דעם פויסט און ברויגעז אַ ברום געטאָן:

— איצטער, האַלט זיך פעסט!...

אַ פּויקן שרויט האָט צעלעכערט די שטילקייט פון דער בוכטע.

אַפן שיף „פּאָטיאָמקין" האָט זיך די שיף־קאָמאַנדע אויסגעשטעלט אין אַ ריי.

אַפן מינען־טרעגער האָט מען זיך סוידען גענומען.

— מאַקאַראָוו האָט פוילע פלייש געקויפט....

— זיי זיכער, גאַליקאָוו האָט דאָס געוויס געוווּסט, — און ער זאָל אַ פּיפּס טאָן אַפילע...

— וויבאַלד די כעוורע האָט פּרעטענזיעס, איז הער זיי אויס, און היים ניט די מענטשן מיט גוואַלד עסן אַ ווערעמדיקן זופּ — האָט זיך געקאָכט גאָלאָוויצקי. — אים איז אַלציינס, ער איז דער קאָמאַנדיר, ער, דער הינטישער זון, וועט דעם זופּ סאַי ווי ניט עסן... ער מיינט, אַז ער וועט גיין דער קאָמאַנדע אַף האַנאָכעס וועט די דיסציפּלין אָוועקפליען צום טייוול.

— טייוולשער פּיפּערנאָטער — היצט זיך פּידאָפּרי־האָרא.

— איינגעשפּאַרטער אַלטער אייזל!..

גאָלאָוויצקי! זע, נאָר, זע! גאָליקאָוו האָט זיך אַפן קנעכט * גע־שטעלט...

---

* טשוהונענע, הילצערנע אדער מעשענע סלופּעס וואָס דינען צוליב דעם, אז מען זאָל צו זיי צופעסטיקן די קאנאטן (טראָסן).

— דער דאָקטאָר... ליווענצאָוו... און דער אויסוווּרף גיליאַראָווסקי...

— און די מעכאַניקער זייַנען נימאָ...

— מיסטאָמע עסן זיי וואָרמעס...

— אכטונג!.. האָט זיך פון קנעכט-אָרט הייזעריק צעטראָגן די שטים פון קאָמאַנדיר:

— איר זייט אומצופרידן מיטן שפּייז... רעכט... איך וועל אָפּשיקן דעם זופּ קיין סעוואַסטאָפּאָל...

אַף ביידע קריג־שיפן — אַ טויטע שטילקייט. אַפן מינענטרעגער הערט זיך יעדעס וואָרט. אָנגעברויגעזטע געזיכטער. צעגויפגעפּרעסטע ציין. גאַ־לאָווליצקי האָט אַ קוק געטאָן אַף פּיראָפּרי־האָראַ. האָט אַ סקריפּ געטאָן מיט די ציין. אין די אויגן — אַ בייז פייערל. האָט אַ וואָרף־געטאָן:

— זיי וועלן זיך דערשפּילן, די פאַרשאָלטענע עקדישן...

## דעם פּרעזענט!

אַפן שיף „פּאָטיאָמקין" צישעט דער קאָמאַנדיר שטרענג, און מיט פאַראַכטונג:

— איך האָב שוין ניט איינמאָל געזאָגט, אַז אַזעלכע אומאָרדענונגען זיינען ניט דערלאָזבאַר אַף אַ קריג־שיף. פאַר אַזעלכע מאַיסים הייגנט מען אייעריקע ברידער אָן דאָרט, אָ, — דער קאָמאַנדיר האָט אָנגעוויזן אינדערהייך אַפן שפּיץ פון מאַסט־בוים.

פון די לעצטע רייען האָט זיך דערטראָגן:

— טפּררו־ו...

דאָס מאַטראָסישע האַרץ זיינע האָט ניט געקענט פאַרשווייגן.

דער קאָמאַנדיר צישעט ווייטער געמאָסטן.

— ווער עס איז איינשטימיק צו עסן דעם זופּ, גיי אַרויס! צוויי טריט פאָרויס.

זיינען אַרויס די קאָנדוקטאָרן, צוויי דריי אונטער־אָפיצירן. האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ גלייכן ווינקל. באַוווּסטע אונטערלעקער. די איבערי־קע — ניט פון אָרט.

באַ גאָליקאָוון איז די פאַטיליצע מיט בלוט פאַרלאָפן. שפּריצנדיק מיט שפּייעכץ האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— קאַראַול, אַרויף!

אין די לעצטע רייען הערט זיך אַ פאַרדראָסיקער געמורמל. עמיצער שעפּטשעט:

— צו וואָס אומזיסט זיך שפּאַרן?.. אַלץ איינס...

מאַטיושענקאָ האָט איבערגעשלאָגן:

— קומט, כעווריע, נאָך מיר, צום טורעם, צום טורעם זאָג איך! נו, לעבעדיק!...

איין מאָמענט — און ער איז שוין באַ די צוועלף-צאָליקע האַרמאַטן. דאָרטן איז ניט געפערלעך. מען קען דאָרטן ריידן פון צווישן דעם אוילעם ניט ריזיקירנדיק, מען זאָל דיך דערקענען. דאָס אַלץ האָט פריער באַ-רעכנט דער קלוגער אוקראַינער.

פון לינקן פלאַנג האָט מען זיך אַ לאָז-געטאָן נאָך אים. פון רעכטן פלאַנג און פון די הינטערשטע רייען האָט מען זיך פאַרהאַלטן אַביסל, אָפּגעשטאַנען.

דער עלטסטער אָפיציר, גיליאַראָווסקי, און דער וואַכט-אָפיצער לי-ווענצאָוו האָבן פאַרצאַמט דעם וועג פאַר די איבערלויפער און אויסגע-שריען צום קאַראַול:

— רינגלט זיי אַרום!...

דער קאַראַול האָט אומאַנטשלאָסן זיך געמינעט פון איין פוס אַף דער אַנדערער. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ שענדלעכע ראָליע מען וויל זיי דאָ אָנבינדן.

גיליאַראָווסקי האָט אַ באַפעל געטאָן:

— פּראַפּאָרשטשיק ליוווענצאָוו! פאַרשרייב אָטאָדי אויסוואָרפן. באַצמאַן, דעם ברעזענט!

די שיף-קאָמאַנדע באַם טורעמל דערזעענדיק, אַז זי ווערט אַרומ-גערינגלט, איז געוואָרן אופגעציטערט, בלייך געוואָרן, אַ קאַלטער שוידער איז איבער די רוקנס דורכגעלאָפן.

די מאַטראָסן ווייסן גוט וואָס דאָס באַטייט. די בייזע שוידערלעכע שטילקייט האָט דורכגעגעבערט אַ געשריי:

— ברידער, פאַרוואָס פאַרלאָזט איר אונדז?

דאָס האָט וואַקוליענטשוק אַזוי אויסגעשריען. ער איז אַנ'עלטסטער אונטער-אָפיציר, איינער פון די באַוווסטזיניקסטע. די שיף-מאַכט שאַרפט שוין לאַנג אַף אים די ציין. אין זיין שטים איז — פאַרצווייפלונג, געבעט, אופּפאָדערונג. דער געשריי האָט די מאַטראָסן אופגעמינטערט פון זייער גליווער... אַ שניט געטאָן באַם האַרצן.

מאַטיושענקאָ איז אופגעשפּרונגען:

— ברידער! געדיינקט אונזער שוווּע — אין די אייגענע ניט שיסן... שיסן...

צי גיליאַראָווסקי האָט באַשלאָסן גיין ביזן סאָף, אָדער ער האָט געמיינט אָנשרעקן — ער האָט באַפוילן קורץ:

— צ־י־ט אַ־ר־ו־ף!...

מען האָט ארופגעצייגן דעם ברעזענט. נאָך א רעגע — און מען וועט זיי צעשיסן.

— רוּיק — אַ־אַף קר־ר־אַ־וּל!

עס האָבן זיך א שליידערגעטאָן די ביקסן.

וואַקוליענטשיק האָט איבערגעשלאָגן:

— בראַטקעס, שטיי! ניט שיס... אין אייגענע... באַטראַכט זיך!...

גיליאַראָווסקי האָט קאָעסדיק אויסגעשיפּעט:

— אַד אַזוי, הינטישער זון, דו ווילסט אויך ניט דעם זופּ!..

וואַקוליענטשיק האָט זיך אויסגעזידלט:

— מע קען דען עסן אַזאַ פּאַסקודסטווע?...

דער אָפּיצער האָט זיך אָנגעצונדן. פון די אויגן זעצן בייזע פייערלעך. פאַרוואַרפנדיק אַף הינטער די קאָפּ גיט ער א קאָמאַנדע:

— גליי־יי־ך אי־בע־ר־רן בר־ע־זענט!...

און אין א רעגע אַרום:

— שיס!

פאַרשטיינערט בלייבט דער קאַראַוּל. ער טוט זיך ניט קיין ריר.

איז גיליאַראָווסקי ווילד געוואָרן, ער האָט זיך א וואָרף געטאָן צום נאָענסטן נאַוואָבראַנעץ, דעם מאַטראָס גאַרטשאַקן, האָט ארויסגעריסן באַ אים די ביקס... גאָרטשאַקן ניט זיך אָבער איין אָפּנעמען זי צוריק. דער אָפּיצער זוכט אין קעשענע, ווי ער וואָלט דעם רעוואָלווער געוואָלט אַרויס־נעמען. דער מאַטראָס איז בלייך געוואָרן פאַר שרעק... דער אָפּיצער האָט אויסגענוצט די נעלעגנהייט און ווידער ארויסגעכאַפּט באַ אים די ביקס פון האַנט.

וואַקוליענטשיק כאַפּט אויך ניט קיין פליגן. ער וועט זיין לעבן פאַר צו ביליק ניט פאַרקויפן.

ער כאַפּט ארויס באַ איינעם פון די וואַכלייט די ביקס. די נאַנצע בלוט האָט זיך אים אין קאָפּ אָנגעגאָסן...

— נ־נאָך מיר — האָט ער אויסגעשר!ען:

— ביזוואַנען־זשע וועלן מיר זיין קנעכט?!..

און אַ לאָז געטאָן זיך אַ הינטער טורעמל. גיליאַראָווסקי נאָך אים...

די מאַטראָסן לאָזן זיך מיט אַ געברום אין דער באַטאַרייע עק.
— שלאָגט די שיידים, וואָס איז דאָ צו קוקן אַף זיי!...
— אין יאַם אַריין!
— כאַפּ די ביקסן!...
— שטעלט פיס צו די פּולווער־קעלערן!
...דאָרטן זיינען די פּאַטראָנעס.

## צום געווער!..

פונעם מינענטרעגער זעט גאָלאָווליצקי, ווי אַזוי מאַטיושענקאָ מיט די מאַטראָסן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער צענטראַלער באַטאַרייע.

פּיראָפּרי־האַראַ האָט דערפילט אין זיין קאָפּ עפּעס אַ מאָדנע הילכיקע קלאַרקיים, און ער האָט אַ בורטשע געטאָן:

— אָטאָ, אַז זיי וועלן זיך דערקלייבן צו די ביקסעלעך — זיי שטייען די ביקסעלעך אין די פּיראַמידעס... די יאַטן האָבן זיך געלאָזן צו די פּולווער־קעלערס, דאָרט שטייען די קאַסטנס מיט פּאַטראָנעס... אָט וועלן זיי דאַמאָלסט באַווייזן ווער עלטער איז!...

— זע נאָר, זע — האָט אַ געשריי געטאָן גאָלאָווליצקי, — טו נאָר אַ קוק, מאַטיושענקאָ איז אַרויסגעשפּרונגען... אין די הענט באַ אים אַ ביקס!...

אין דער געזאַלצענער לופט האָט אַ פּאַך־געטאָן:
— שלאָגט זיי, די אויסוווּרפן!...
פאַרנעם די ביקסן!...
נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!
אַראָפּ די טיראַנען!...
ריים די עפּאָליעטן!
— וואַרף זיי, די שיידים, אין יאַם אַריין!...

מאַטיושענקאָ איז אַוועקגעלאָפן אַפן יוט*, האָט זיך אָפּגעשטעלט באַם אַריינגאַנג אין טורעם, האָט אַ צי געטאָן דעם ציגנל, — ניט אָנגעלאָדן, ניטאָ קיין קוילן:

— כאַוויירים! קוילן, אַהער!... לעבעדיק!...
— צום געווער!... זאָל לעבן די פרייהייט! שרייט אויס ריזשאָוו.

---

* דער הינטערשטער טייל פונעם אויבערדעק.

— ברעך די מירן, פלינקער!.. דאַרט זיינען די קוילן!...

— אַ קלינגעריי, אַ בראַזגעריי פון אייזן. אַ גערודער. אפן יום פּלאַ-מערט-אַרום ניעופּאָקאָיעוו, שרייט:

— צום נעריכט זיי אַלעמען. צום נעריכט...

פונעם מינענטרעגער זעט גאַלאָוויצקי, ווי דער קאָמאַנדיר פון „פּאָ-פּיאָמקין" און די אָפיצירן האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום טורעם צו:

— ניט נעהיצט זיך — האָט אַ זאָג געטאָן פּידאָפּריהאָרא, — איצט איז אייך קאַיוק...

גאַליקאָוו איז אויסער זיך:

— וואַרף די ביקס!

מאַטיושענקאָ האָט אַ קרומען שמייכל געטאָן:

— קיינמאָל ניט, אַזוי לאַנג ווי איך לעב...

— לייג אַוועק דאָס נעווער, איך באַפעל! — כריפּעט דער קאָמאַנ-דיר פון „פּאָטיאָמקינען".

מאַטיושענקאָ ענטפערט מיט האַס:

— גיי צום טייוול! דער פּאַנציר-צוג איז שוין ניט אייערער, ער גע-הערט שוין אַצינד צו אונדז, צום גאַנצן פאָלק.

ער האָט פלינק נעכאַפּט דעם באַגנעט און אַ וואָרף געטאָן אים מיט קראַפט אין קאָמאַנדיר. ניט געטראָפן. דער שפּיז איז דורכגעפלויגן פאַרביי און איז נעבליבן שטעקן אין דער שיף-דעק. דער מאַטראָס איז בייז געוואָרן און האָט אַראָפּגעלאָזן אַ קלאַפּ מיטן קאָלבע. די ביקס האָט זיך איבערגעבראָכן אַף דער העלפט. מאַטיושענקאָ האָט זיך אַ וואָרף גע-טאָן אין דער באַטאַרייע, האָט אַן אַנדער ביקס געכאַפּט. ער האָט זיך אין מיר געשטעלט. אין גערעדנק באַ אים האָט זיך איינגעקריצט: מע דאַרף הימן דעם אַריינגאַנג. פּלוצלינג אַפן אַדמיראַל-טרעפּ — עמעצער אין שוואַרצן. אין די הענט אַ ציילעם.

— פרידן צו דיר, זון מיינער...

מאַטיושעגקאָ האָט ניט אויסגעהאַלטן:

— כאַפּט דיך דער רועך, דו האָריקער טייוול!

און האָט אים דערלאַנגט מיט דער קאָלבע.

דער נאַלעך האָט איינגעלאָזן דעם ציילעם.

עמעצנס אַ האַנט טראָגט אונטער קוילן...

מאַטיושענקאָ האָט אַריינגעזעצט אין ביקס דעם קוילן-מאַגאַזין, האָט זיך אַ יאָג געטאָן נאָך ניעופּאָקאָיעוון. לויפנדיק האָט ער עטלעכע מאָל אויסגעשאָסן ניט נעטראָפן. אָנגעצילט זיך נאָך אַמאָל.

בײַבאַר...

פון אַדמיראַלישן ליוק איז אַראָפּגעפאַלן גאַליקאַוו.

פידאָפּרי־האָראַ האָט אַ געשריי געטאָן:

— טו אַ קוק, גיליאַראָווסקי האָט וואַקוליענטשוקן דערהאַרגעט! צו אָפּ אָפּן יום.

מאַטיושענקאָ האָט זיך אָנגעצילעוועט:

— עך, צום טײַוול, צעהיצט זיך און ניט געטראָפן!

פידאָפּרי־האָראַ זעט פונעם מינענטרעגער ווי דער עלטסטער אונטער־אָפיצער האָט זיך אָנגעצילעט מיטן ביקס — פאַרבײַ. באַם פלאַג שטייט אויף דער וואַכטע אַ יונגער מאַטראָס, קימאַט אַ ייִנגל.

גיליאַראָווסקי ליאַרעמט:

— דערשיסן דעם הונט!..

דער וואַכטמאַן האָט זיך דערשראָקן. די ביקס אַוועקגעוואָרפן. אַוועק־געלאָפן.

גיליאַראָווסקי האָט געכאַפּט די ביקס וואָס יענער האָט געוואָרפן, אָבער אויסשיסן האָט ער ניט באַוויזן: אויסגעשאָסן האָט נאָך מאַטיו־שענקאָ. די קויל האָט געטראָפן אין פלייצע. גיליאַראָווסקי האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און געפאַלן אַפן שיף־דעק. פון מויל שלאָגט אים אַ בלוטי־קער שוים, אָבער לויט דער אָפיצירישער געוווינהייט זײַנער שרײַט ער נאָך אויס:

— דו ווילסט אַנטלויפן אַפן ברעג?... איך קען דיך, דו מענגוול... איך וועל דיך דאָרטן אויך אָפּזוכן...

— מאַטיושענקאָ האָט זיך אָנגעצונדן, די אויגן זײַנען אים מיט בלוט פאַרלאָפן. בייז זײַנען אים די ציין פאַרשטשירעט:

— וועסט ניט באַווייזן, גוילאָם דו! איך וועל דיך אָפּשיקן אויף יענער זײַט באָרטן — פאַר אַ העלפער צו מאַקאַראָוון...

אין דער לופטן טראָגן זיך ווילדע אויסגעשרייען:

— אין וואַסער אַריין! איבער׳ן באָרטן!

עס איז ניט דורך קיין מינוט און — גיליאַראָווסקי פליט אין יאַם אַריין.

דאָס איז געווען פון די ערשטע אָפיצירן. אָבער ניט דער ערשטער קאָרבן: דער ערשטער איז אומגעקומען דער מאַטראָס וואַקולענטשוק, וואָס איז שטערבלעך פאַרוווּנדעט געוואָרן דורך דעם עלטסטן אָפיצער גיליאַראָווסקי.

# א שאָס פון א שפּאַרדעק *)

די אָפּיצערן אַף „פּאָטיאָמקין“ זיינען לעכאַטכילע געווען זיכער, אַז דאָס האָבן זיך נאָר א הייפל מאַטראָסן צעבונטעוועט, ווען די איבעריקע וועלן נים וואַגן צושטיין צו זיי, וועלן זיי דערוויילע זען איינהאַלטן די מאַכט, — עס האָט זיי נעריייצט די מעגלעכקייט באַלוינט צו ווערן פאַר זייער „העלדישקייט“. אַזוי האָבן אויך געטראַכט די אָפּיצערן אַפן מי־נענטרעגער.

באַ דעם וואַכט־אָפּיצער ליוועגצאָוון האָט אין די הענט א פּינקל גע־טאָן דאָס בלויע שטאָל פון רעוואָלווער. דער אָפּיצער סמירנאָוו איז צו־געשפּרונגען צו א גרופּע מאַטראָסן.

— רירט זיך נים — איך וועל טויטן אַפן אָרט...

ליוועגצאָוו שרייט פּאָכנדיק מיטן רעוואָלווער:

— שטיין רו!ק!.. איך וועל צעשיסן ווי די הינט!

פּלוצלונג א זאַלפּ...

דאָס האָבן זיך באַ א צוויי צענדליק מאַטראָסן פּאַרקליבן אַפן שפּאַר־דעק. א ווילדער טויט־שרעק איז די אָפּיצערן באַפאַלן. זיי זיינען אינגאַנצן צעמישט געוואָרן. באַלד האָבן די אָפּיצערן, קאָנדוקטאָרן, באַצמענער און אייניקע מאַטראָסן שטויסנדיק איינער דעם צווייטן זיך אַ לאָז גע־טאָן אַף דעם אונטערשטן שיף־דעק. זיי רייסן זיך, שלאָגן זיך פאַר די רעטונגס־בייגל. פאַר די קעסטלעך פון די קאָרעק־גאַרטלעך. שפּרינגען אין יאַם אריין. אייניקע פון די דרייסטערע מאַטראָסן האָבן זיך מים ביקסן אין די הענט א לאָז געטאָן צו הילף די אופשטענדלער. עס האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן קוילן. די קוילן־קעסטלעך זיינען געעפנט געוואָרן מים די באַגנעטן, מים מעסער — ווער מים וואָס עס האָט געקענט. גאָלאָוו־ליצקי האָט א זאָג געטאָן:

— טו נאָר א קוק, באַ פּורסאַיעוון זיינען די הענט צעבלוטיקט... ער עפנט גאָר די קעסטלעך מים די הוילע הענט...

אַף דעם פּאַנצער שיף „פּאָטיאָמקין“ האָט א שאַל געטאָן:

— אַראָפּ די זעלבסטהערשונג! זאָל לעבן די פרייהייט!..

און א געשריי:

— שלאָג די אויסוווּרפן... דערשלאָג זיי אַלעמען!....

* שפּאַרדעק: היכ ערשטער טייל פון שיף־רעק

עס האָט זיך אַלץ צוזאַמענגעמישט: די שיסערייִ פון די מאַטראָסן, די קרעכצן פון די פאַרווונדעטע. אַ שיסערייִ פון אַלע זייטן. מער פון אַלץ שיסט מען אין וואַסער. די אָפיצערן האָבן זיך געלאָזן שווימען. זיי האָפן זיך צו ראַטעווען צושווימענדיק צום „267־טן“.

פידאָפּרי־האָרא שרייט פון מינענטרעגער:

— מען דאַרף זיך אָן זיי ניט גייקעם זיין אייִנציקווייס...

און ס׳גיט צו גאַלאָווליצקי:

— מען דאַרף זיי אַלעמען צענויפנעמען אָפן יוט און מישפּטן אין דער אָנוועזנקייט פון דער גאַנצער קאָמאַנדע...

— זע, מע שלעפּט עמיצן פון מינען־אָפּטיילונג!

— דאָס איז דאָך טאָן, דער מינען־אָפיצער...

— די יאַטן זיינען ווילד געוואָרן, הערסט אַ ליאַרעמען...

— אין וואַסער!

— אַריבערן באָרטן!

טאָן האָט אַ צייכן געגעבן, טאָן וויל עפּעס זאָגן.

דער ווילדגעוואָרענער האַמוין ווערט טייקעף אייִנגעשטילט.

— מאַטיושענקאָ!.. איך וויל מיט דיר ריידן. דער מאַטראָס איז צוגע־גאַנגען נעענטער, די ביקס אין האַנט איז אָנגעגרייט — ער פאַרטרויט אים ניט.

האָט אַ וואָרף געטאָן צו אים:

— נעם אַראָפּ די עפּאָליעטן!

דער אָפיצער האָט מיט פאַראַכטונג פאַרזשמורעט די אויגן. ער ווייסט אַז מאַטיושענקאָ איז זייער אַטאַמאַן — מען וואָלט אים באַדאַרפט באַ־זייטיקן. ער פּלאַצט אַרויס:

— מענוול, ניט דו האָסט זיי מיר געגעבן, ניט דו וועסט זיי באַ מיר אַראָפּנעמען...

און האָט אויסגעשאָסן צוויי מאָל נאָכאַנאַנד. די ערשטע קויל האָט נעטראָפן עמיצן פון די מאַטראָסן. די צווייטע קויל האָט מאַטיושענקאָן דעם שלייף צעדראָפּעט...

דער מאַשיניסט, דער זעכציקסטער האָט באַ אים אַרויסגעריסן דעם רעוואָלווער. עס האָט אַ קנאַק געטאָן דער צינגל פון ביקס... אַ שאָס — אַ רעגע — און דער אָפיצער, טאָן, איז אַריבערן באָרטן פון שיף געפלויגן.

אַ פליוך. וואַסער־שפּריצן. דאָס וואַסער האָט זיך מיט בלוט באַ־פאַרבט.

# גאָליבאָווס לעצטע מינוטן

— ווו איז דער קאָמאַנדיר? — ווו האָט ער זיך צו אַלדי רוכעס פאַרבאַהאַלטן?

— דאָ...

— דערלאַנג אים אַהער!..

מען האָט זיך אַריינגעריסן אין אַדמיראַלס קאַיוטע.

ער טרייסלט זיך. אינגאַנצן אַ מעוווּלוועלער.

ער האָט זיך געוואָלט וואַרפן אין יאַם. האָט ער אָבער ניט באַוויזן.

מען האָט אים געפּאַקט:

— וווּהין קריכסטו!.. אַהער גיי, אינדערהויך!

צום טראַפּ קריך!

— ס'איז דאָך אַלץ איינס ווו צו שטאַרבן, דאָ צו דאָרטן.

ער באַגיסט זיך מיט טרערן:

— עך, וואָס איך האָב אָנגעטאָן אַלטער נאַר, וואָס איך בין!... ער האָט זיך אַרופגעוואָרפן עמיצן אַפן האַלדז, בעט זיך:

— איך האָב שטאַרק געזינדיקט קעגן אייך... זייט מויכל...

די מאַטראָסן קוקן מיט עקל און פאַראַכטונג אַף דעם, אין וועמעס הענט עס איז געווען איבערגעגעבן דער גוירל פון אַכט הונדערט מענטשן. אַצינד דערנידעריקט ער זיך און בעט זיך ראַכמים...

עמיצער האָט אַ זאָג געטאָן:

— הו... שלאַנג!..

— אַפן מאַסטבוים דעם בלוטזויגער... ער, הינטיש זון, האָט אונז מיט טליעס געשראָקן...

— צו לאַנג צו וואַרטן...

— אַ קויל אין שלייף...

מע האָט אים אָפּגעפירט אַפן יוט. אַ זאַלפּ... ער האָט אַ רענע אײַנדערלופן אַ פּלאַטער געטאָן... האָט זיך אַ פּליוך געטאָן אַהינטערן באָרטן, און האָט זיך לאַנגזאַם גענומען אַראָפּלאָזן, זינקען.

די קאָמאַנדע האָט געפּאָדערט:

— אַלעמען וואַרפט זיי אַריבערן באָרטן!...

— אַריבערן באָרטן שליידערט זיי אַלעמען!...

— שלאָג די עקרעשן!...

אַנדערע האָבן צוריקגעהאַלטן:

— ס'ט זיין גענוג בלוט... איצטער זיינען זיי אונז ניט שרעקלעך...

— דערלאַנג די סאָדע, דעם דעק פֿאַרוואַשן...

און אָט פֿירט מען נאָך עמיצן. אַ דיקער, אַן אָנגעפּוישטער. דאָס איז דער פֿאָלקאָוניק פֿון אָבוכאָווער זאַוואָד, וואָס איז אָנגעפֿאָרן דורכצו־קוקן די הארמאַטן.

— ווו האָט איר אים אָפּגעזוכט?

— אין קליידער קאַסטן איז ער געזעסן...

— קוים אַרויסגעשלעפּט דעם פּעמפּיק.

— אַרעסטירן אים!..

עס האָט זיך באַוויזן אַלעקסייעוו, בלייך, די ליפּן ווייס ווי לייוונט, די ציין ציטערן אים, די קני טרייסלען זיך:

— בראַטצי!... האַרגעט מיך ניט, — איך בין דאָך דערזעלבער מאַט־ראָס ווי איר זייט... כ'האָב זיך געלערנט, עקזאַמענירט זיך אַף פּראַפּאָר־שטשיק... נו, איז אָט, האָט מען מיך באַשטעטיקט...

מאַטיושענקאָ האָט אים איבערגעשלאָגן:

— קיינער קלייבט זיך ניט דיך צו דערהאַרגענען...

די איבעריקע האָבן אַ דונער געטאָן:

— פֿיר אונז אין אַדעס...

— וועסט זיין דער קאָמאַנדיר...

ער האָט אַ טראַכט געטאָן:

„אַלץ איינס. סיי ווי סיי דער טויט“.

זיינע ווייסגעוואָרענע ליפּן האָבן דורכגעפּליסטערט:

— פֿאָראָן!

## אַפֿן מינענטרעגער „267“

אַפֿן מינענטרעגער איז עפּעס דעם קאָמאַנדיר ניט היימלעך. דער באַ־ראָן קלאָדט איז נערוועז.

— אָט צו וואָס אַזאַ אָנפֿירערשאַפֿט האָט געבראַכט!

ד־זז־ז... פֿי־יו־אַ־יט... — האָט אַ קויל פֿאַרביי דורכגעזשומעט.

אַ צווייטע קויל, אַ דריטע... זיי טרעפֿן אין קאָרפּוס פֿון שיף...

באַראָן קלאָדט האָט אַ קוק געטאָן אַף נאָלאָוויצקען.

— אָט וואָס, ברודערקע. טו אַ רוף דעם באָצמאַן. מען וואָלט זיך באַדאַרפֿט אָפּרוקן אַביסל ווייטער, עס זאָל אַ קויל עמיצן פֿון די אונזע־ריקע ניט פּאַקן...

פּיראָפּרי־האָרא האָט אַ זאָג געטאָן:

— זעט — עס זאָל נאָך ערגער ניט ווערן...

— זע נאָר, זע, — מען שווימט...
— ווער?
— אַז אָפּיצער...
— דאָס איז דאָך מאַקאַראָוו...
מען האָט אים אַרופגעשלעפּט אָפן שיף־דעק. ער איז פאַרמאַטערט און ציטערט איינגאַנצן.
— כעוורע, ציט פון מיר אַראָפּ דעם בושלאַט...
די מאַטראָסן האָבן זיך פאַרלאָרן: זיי ווייסן נים, וואָס צו טאָן, ווי אַזוי צו האַלטן זיך. עמיצער האָט געבראַכט אַ פלאַנעלקע. דער אָפיצער מאַקאַראָוו נעמט אַרויס פון קעשענע געלט. טריקנט דאָס. אָפן קאַפּיטאַנישן בריקל האָט זיך דער באַראָן קלאָדט פאַרן הענטל גענומען. הילכיק האָט אָפּגעקלונגען אין מאַשין־אָפּטיילונג דער טעלעגראַף. דער טעלעגראַף־ווייזער האָט געוויזן:
— „גרייטן זיך".
מע נעמט אַרויסציען דעם אַנקער: דער האַנט־בראַנשפּיל * איז קאַליע.
פון קאַפּיטאַן־בריקל:
— פאַרציט דעם קאַנאַט!...
קלאָדט האָט עפּעס אַ קאָמאַנדע געגעבן דורכן רופּאָר — די מאַשין האָט גענומען אַרבעטן. גאַלאָווליצקען האָט מען נאָך עפּעס אַראָפּגעשיקט. באַ פּידאָפּרי־האָרא וואַקסט דער אומצופרוי. עס האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אין מויעד:
מיסטאָמע קיין אָדעס... ער וועט אונדז דאָרט פאַרמאַסערן די שלאַנג. אין זיין אופגערעגטן קאָפּ האָט אופגעבליצט אַ פּלאַן.
— וואָס איז דאָ אַסאַך צו טראַכטן — מע דאַרף אים זען אַריינהאַקן מיטן נאָז אין ברעג אַריין. אַזוי וועט זיכערער זיין.
פּלוצלינג אַ זאַלפּ פון אַ קאַנאָן. דער קאָרפּוס פון דעם מינענטרעגער האָט אַ ציטער געטאָן. די קאָמאַנדע איז אַרופגעלאָפן אָפן אויבערדעק.
— וואָס ווילן זיי? — האָט אַ פרעג געטאָן פּידאָפּרי־האָרא.
הילכיק קנאַלן די האַרמאַטן.
אַ סנאַריאַד איז אַראָפּגעפאַלן פּונקט באַ נאָז פון שיף, האָט אופגעהויבן אַ פאָנטאַן וואַסער. דער דריטער זאַלפּ האָט געטראָפן אין קאָרמע.
פּידאָפּרי־האָרא האָט אַ געשריי געטאָן:

---
* מאַשין אָף אופצוהייבן אַנקערס אָף קליינע יאַם־שיפן.

— זיי טרויען אונז ניט! איר זעט ווי זיי לויפן אַרום... שרייען... גיבן צייכנס...

און אויף „פּאָטיאָמקינען“ איז מען אומרויִק געוואָרן:

— זיי האָבן, די ריכעס, אַ מינען־אַפּאַראַט...

— לאָזן זיי אַרויס אַ מינע, איז אַ סאָף צו די יאָרן... וועלן זיי אונז אופרייסן...

— פאָר מיטן נאָז צום ברעג...

— שטעל אָפּ די מאַשין...

— סיי ווי סיי, די נעשאָמע פון אייך! מיר וועלן אייך צעבראָקן...

פּידאָפּרי־האָרא איז אַרופגעשפּרונגען אויפן קאַפּיטאַן־בריקל, האָט אַרויסגעריסן דעם שטורוואַל * און אים פאַרקירעוועט אָן אַ זייט.

— פאַרקערעוועט זיך מיטן נאָז צום ברעג צו... פירט אָן מיט דער מאַשין...

עס האָט זיך צעקלונגען דער טעלעגראַף. שווער פויקט די מאַשינע, דער קאָרפּוס ציטערט אויף. קלאָדט גיט איבער דעם סיגנאַליזאַטאָר:

— גיב אַהער: „ניטאָ בא אונז קיין מינעס.“

עס האָבן זיך אַ הייב געטאָן די פענדלעך.

דער מינענטרעגער פאַרקערעוועט און שטעלט זיך מיטן נאָז צום ברעג. פון „פּאָטיאָמקינען“ קוקט מען זיך שטאַרק איין. אַצינד איז שוין פאַר זיי דער מינען־אַפּאַראַט ניט געפערלעך.

## קיין אָדעס

זיי האָבן זיך דערנענט, איינער נעבן די אַנדערע אַוועקגעשטעלט זיך. עמיצער פון „פּאָטיאָמקינען“ האָט אַ כאַפּ געטאָן קלאָדטן פאַרן קאָלנער, האָט אים אַ טרייסל געטאָן, און אָנגעצילט אויף אים דעם נאַהאַן... בייזע אויגן. דאָס מויל אויסגעקרימט. אַ רעגע... און ס'וועט זיין „נאָך אים“...

די קאָמאַנדע האָט זיך איינגעשטעלט. האָט פּראָטעסטירט. פּידאָפּרי־האָרא האָט אויסגערופן:

— לאָז אָפּ! אויף וואָס דערהאַרגענען... אַ מענטש איז ער אַ גוטער. די קאָמאַנדע האָט אים האָלט... מען דאַרף זיך באַטראַכטן, אַ קנאַפּ טאָן איז קיין קונץ ניט...

---

* אַ האַנט־ראָד.

— איר וועט קיין בעסערן ניט געפינען... ער זאָרגט זיך פאַר דער קאָמאַנדע... —

שמעלט זיך איין פאַר אים דער באַטאַליאָר.

נאָך אַ קורץ געראַנגל האָט זיך איינגעגעבן אַרויסרייסן קלאָדטן פון טויט.

מען האָט אים גוט צעטרייסלט. ער איז בלייך, אָבער רויק. ער האַלט זיך מיט ווירדע. פּידאָפּרי־האָרא האָט אים פאָרגעלייגט פאַרלאָזן דעם מינענטרעגער. מען האָט אים אַריבערגעפירט אַף „פּאָטיאָמקינען".

די שיף־קאָמאַנדע האָט מען צונויפגערופן אַף די שקאַנצן*. מען האָט באַשלאָסן ניין קיין אָדעס. דער מינענטרעגער דאַרף מיטגיין. עס איז ניי־פּיק קריגן קוילן און שפּייז. די אָפיצירן זיינען אַרעסטירט.

ס איז אויך אַרעסטירט דער באַראָן קלאָדט, פּראַפּאָרשטשיק אַלעק־סייעוו פאַרבייט דעם קאָמאַנדיר. ער איז ניט צעפרידן. פאַר אַזעלכע וועט די נאַטשאַלסטווע אים איבערן קעפּל ניט גלעטן.

פּאָטיאָמקין שניידט שטאָלץ די יאַמישע בלויקייט.

דער באָצמאַן מורזאַק איז צוגעוואַקסן צום ביגאָקל, דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן פירט דער באָצמאַן זעלבשטענדיק אַ שיף. די שיף־קאָמאַנ־דע האָט אים אויסגעקליבן פאַר אַן עלטסטן אָפיצער. אַביסל שרעקט דאָס אים, נאָר נישקאָשע, אַלעקסייעוו איז דאָ דערביי... אַז ס'טרעפט עפּעס אַ שטערונג, — קען מען אים אַ פרעג טאָן.

גלייך הינטער נאָך „פּאָטיאָמקינען" האַלט זיך דער מינענטרעגער „267". אָפּגעמאָסטן, זיכער הוקעט די מאַשין. מען איילט קיין אָדעס. מען איילט אַהין צו פאַרטיידיקן דאָס רעוואָליוציאָנערע פאָלק. אַפן קאַפּיטאַן־בריקל שטייען פּידאָפּרי־האָרא און נאָלאָווליצקי. זיי קוקן זיך איין שאַרף אין דער ווייט. באַם רודער נעבן שטורהאַל — אַ יונגער מאַטראָס, אַ נאָ־וואָבראַניעץ.

— אַלץ איבער דעם פאַריפעשטן ווערימדיקן פלייש... — בורטשעט דער רודערער.

— די זאַך, ברודערל, איז דאָ ניט אין דעם פלייש — ענטפערט אים פּידאָפּרי־האָראָ, די זאַך איז אין דעם, וואָס באַ מענטשן האָט דער נעדולד געפּלאַצט. אָנגעגליטן זיך, גענוג! דאָס גאַנצע פאָלק איז אופ־געשטאַנען און דו זאָגסט — פלייש... עך, דו, יאַט! צייט צו פאַרשטיין...

עס הוקעט די מאַשין און ווייט הינטער דער באָרטע ציט זיך אַ לאַנגער שוימיקער פּאַס.

* אַ טייל פון שיף־אויבערדעק צווישן דעם מיטלסטן און הינטערשטן מאַסטבוים.

## מאטראָסן! מאטראָסן! מאטראָסן!

אַ וואַרימע דאָרעם-נאַכט. די לופט איז דורכגעזאַפּט מיט דעם רייעך פון יאַם. אין האַפן — אַ שטילקייט. אַנשווינגן געוואָרן די הילכיקע „מיינא-ווירא", ס'האָט אַ ציִ געטאָן פון ברעג מיטן באַרווישעדיקן רייעך פון אַקאַציעס.

אפן ברעניקן בולוואַר זיינען צעהאַנגען שנורן עלעקטרישע פייערן.

דער זייגער האָט געשלאָגן צען.

ניט אָנגעפרעגט, שטאָלץ, גרוויזאַם איז אריין אין האַפן דער דריי-רעריקער, שטאָלענער, מעכטיקער „פּאָטיאָמקין".

הינטער אים, ווי אַ פיש, גליטשט זיך אים נאָך דער מינענטרע-גער „267".

הויך און הילכיק האָט זיך דער קאַנאַט צערווישט. מען האָט זיך אַף אַנקערס געשטעלט.

דאָס איז געווען דעם 14-טן יוני 1905 י. 22 אַזייגער. געדיינק עס!

שטייט דער שוואַרציאַמיקער ריז אַף דעם אדעסער רעיד. אין די אַרבעטער קוואַרטאַלן — אַנטציקונג. אַף דער מאלדאָוואַנקע, אפן פערעסיפּ, אַף דער ראָמאַנאָווקע האָט זיך צעבליט אַ פרייד.

עס האָבן זיך צעשמייכלט פעניטער פּאַרוואָלקנטע.

אַפריער שטיל, נאָכדעם העכער, אַלץ העכער:

מאַטראָסן!.. מאַטראָסן!..

— און ווי ניט פרייען זיך? אַז עס איז אָנגעקומען דער, וועלכער האָט דער ערשטער אופגעהויבן די רויטע פאָן פון אופשטאַנד.

אַף דער זייט פון שיף פינקלט מיט גאָלד: „פירשט פּאָטיאָמקין טאַווירישער".

## קוילן, וואַסער און שפּייז פאַר „פּאָטיאָמקינען"

פרימאָרגן. דאָרט ווו עס ענדיקט זיך דער נייער מאָל שטייט אַ לייוונטענעביידל. קענטיק, אַז דאָס האָבן אַף דער גיך אוועקגעשטעלט מאַטראָסישע פּאַרהאָרעוועטע הענט. אין דער ביידל, אַף אַ טראָג-בעטל וואָס עס איז באַפּוצט מיט רויטע פאָנען, — ליגט אַ מעס. אַ בראָנזענע יונגע ענערגישע געזיכט. דער מעס איז אויסגעפּוצט אין נייע קליידער. די כאַווירים האָבן ניט געקאַרגט.

צו זײַן שנײ־װײַסער מאַטראָסישער פּאַרמענקע איז צונעשפּילעט אַ צע־מעלע. אין צעטל:

כאַװײרים פון דער שטאָט אָדעס! פאַר אײַך ליגט דער גוף פון גריגאָרי װאַקוליענ־טשוק, װאָס איז מערדעריש דערהאַרגעט געװאָרן דורך דעם עלטסטן אָפיציר גיליאַ־ראָװסקען דערפאַר װאָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו עסן א װערעמדיקן באָרשטש. די שיף קאָמאַנדע װעט זיך אומבעראַכמאָנעסדיק נוקעמען זײַן אָן דעם קייסער און זײַן רעגירונג פאַר דער פּײַן פון דעם רוסישן פאָלק.

זאָל לעבן די פרײַהײַט! זאָל לעבן די ברידערלעכקײַט און גלײַכהײַט!

אראָפּ דעם קייסער! אײנער פאַר אלעמען און אלע פאַר אײנעם!

די שיף-קאָמאַנדע פון „פירשט פּאָטיאָמקין דער טאַװרישער".

אַ גרױסער האַמױן לאָזט זיך אַראָפּ פון די גרױסע שטײנערנע טרעפּ, פון לעװאַשאָװער בולװאַר, דורכן מיליטער־בולװאַר און פון אַנדערע ערטער. דער אוילעם שטראָמט אַראָפּ װי אַ װאַסער פאַל. יעדער אײנער אײלט צום האַפן. אַהין. אַפן מאָל. צום ביידל. אָפּגעבן דעם לעצטן קאָװעד יענעם, װאָס איז געפאַלן אַ קאָרבן פון ניט איבערגעטראַכטער העלדישקייט. צו יענעם, װאָס עס האָט זיך ניט דערשראָקן צו װאַרפן אין פּאָנים פון די הערשער — די װערטער פון פּראָטעסט און גערעכטיקייט.

אַף אַ פאַס ניט-װײט פון ביידל, שטײט עמיצער אַ ברױנער, אַ בראָנ־זענער פון זון אין אַ פאַסקעװאַטער העמדל. אַ פלינקער, אַ בױגעװודיקער, מיט אָנגעצײגענע מוסקולן װי ער װאָלט פון גומי געװען, שלײדערט ער אין צעהיצטן האַמױן שװערע פײַערדיקע װערטער.

— כאַװײרים! עס איז געשען דאָס, װאָס עס האָט געדאַרפט געשען...

דער אוילעם רױשט...

אין אַן אַנדער עק — אַ מײדל. אין דער שאַרפער געזאַלצענער יאַם־לופט האָט זיך צעקלונגען:

— כאַװײרים! דער פלאָט איז אופגעשטאַנען צו פאַרטײדיקן דעם אונטערדריקטן פאָלק. דאָרט, פון אױבן צװישן די צאַרישע סאַטראַפּן איז אַ פולקומע פאַרלאָרנהײט. מען מוז טײקעף, ניט אָפּלײגנדיק אין לאַנגן באַנק, צוטרעטן צו אַנטשײדענע מאַיסים...

זי האָט ניט דערערדט. אַ מױרעדיקע האָריקע פױסט האָט איר אַ זעץ געטאָן אין האַרצן. אַפן אַרבל באַ אים — אַ זילבערנער עפּאָלעט. ער איז װילד געװאָרן, דער צאַרישער האַפן־װעכטער, ער כריפּעט:

— שלאָג די זשיד...

זי איז בלײך געװאָרן. און פון ברױנונג אָנגעצילט פּינקטלעך. אַף מױל. ער האָט אַ פאָך געטאָן מיט די גרױסע, װי ברעטער, הענט, איז עפּעס אומגעלומפּערט אַ פאַל געטאָן נעבן דער לעען טומבע, אַזאַ שװע־

דער, מיטן פּנים אַראָפּ. די פינגער גראַבלען די ערד. אונטער איט
אַ ריטשקע געדיכטע בלוט.

דער האַמוין איז אָפּגעשפּרונגען.

און דאָרט, אין דער סאַמע געדיכטעניש, ווו עס האָבן זיך אָנגע-
וואַלגערט די אַרבעטער נעבן אַ הייפל מאַטראָסן — קייקלט זיך איבער
ווי אַ כוואַליע פון צופלוט:

— וואַסער, קוילן און שפּייז „פּאָטיאָמקינען"...

## „פּאָטיאָמקין" מוז האָבן קוילן—נויטיק אום לעבן

באַם לאַדונגבריק שטייט אַ קוילנשיף. אַפן ברייטן קאַרפּאַטן נאָז:
„פּיאָטר רינער". ער איז ערשט אָנגעקומען פון מאַריופּאָל אַן אָנגעפּאַק-
טער מיט קוילן.

אַף די טראַפּן זיינען אַרופגעלאָפן אַרבעטער. אַרויף אַ טייע, נאָך
איינע, אַ דריטע. זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן איבערן שיף-דעק.
אייניקע פון די לאַסט-טרעגער אַפן קאַפּיטאַן-בריקל:

— דערלאַנג די שטריק!..

דער שטורמאַן איז דול געוואָרן:

— כאַווײַרים... איך קאָן ניט... איר דאַרפט מיך פאַרשטיין... די
מאַשין אַרבעט ניט... איך וועל זיין פאַראַנטוואָרטלעך... איך בין פאַ-
ראַנטוואָרטלעך... אַ מענטש בין איך אַ אונטערטעניקער... די באַלעבאַטים...

— דערלאַנג!

די האַפנטרעגער אַרבעטן אַף דער האַנט-ווינדע. אַ באַקאַנטע אַרבעט...
אַריינגעצויגן די קייט פון דער האַנט-ווינדע אין טראָמעל אַריין, די
האַנט-ווינדע האָט זיך גענומען דרייען, עס לאָכן די פּריילעכע הויבערערער:

— צי אַרויס די עקן!..

עס גראַגערט אַפן באָד דער בראַשפּיל. פון שיף-נאָז:

— צי דעם אַנקער...

דער מינענטרעגער „267" איז דאָ ווי אָנגעמאָסטן.

— נעם צו און פאַרבוקסיר!..

— פאַרפעסטיק!..

אָוועקגעשלעפּט דעם בוקסירל צו דעם שמאָלענעם ריז. זיי האָבן זיך
צוגעפעסטיקט. הילכיק ליאַרעמען די הויבערערער. אַרום איז אַ שוואַרצער
געדיכטער שטויב. עס גייט לעבעדיק און מונטער די אָנלאָדונג. די יאַטן
אַרבעטן מיט ליבע, מיט פרייד.

„פּאָפּיאָמקין“ מוז גויטיק אום לעבן האָבן קוילן.

עס פליען אַרום הין און צוריק שליופּקעס פון ברעג צום שיף און צוריק. עס פּלאַמערן אַף זיי די רויטע לייוונטן פון פאָנען. איבער דער בוכטע טראָגן זיך אַרום רעוואָלוציאָנערע לידער.

שוין אַ כוידעש, אַז סע ציט זיך דער שטרייק פון די אַרבעטער. קוים קוים וואָס מען לעבט דורך.

פאַר די לעצטע גראָשנס — מאַטאָנעס געקויפט די מאַטראָסן: טוטין, טיי און צוקער.

די שליופּקעס פאָרן צו צום שיף, לאָדן זיך אויס, עס פאָרן צו אַנ־דערע און אַזוי אָן אַן אופהער.

באַ די, וואָס אָפן שיף־דעק, הערשט אַ זוניקע פרייד.
פון ערגעץ ווייט דערטראָגט זיך:

אליין וועלן מיר אָנלאָדן די קוילן...

אָפן פאַנצער־שיף „פּאָטיאָמקין“ האָט זיך איינער ציוויל געקליידעט אָוועקגעשטעלט באַם באָרט. דער ווינט פאַטשט זיין גרייסע רייטלעכע באָרד. אַריינאָטעמענדיק פולע לונגן לופט, האָט ער אין דער ווייט אַ שאָט נעמאָן:

— טויט אָדער רויט!..

האָבן דאָס מיטאַמאָל אונטערגעכאַפּט די מאַטראָסישע העלדזער:

— רוי—וי—ט.

די שטימונג וואַקסט. עס דערוואַכן די מאַסן.

## אַראָפּ די עפּאָלעטן

אָפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן אַ דינער רויך.

די שיף־קאָמאַנדע איז אומרויִק געוואָרן. האָט זיך אַ שאָט נעמאָן צום באָרטן:

— אַן עסקאַדריליע... אַן עסקאַדריליע... אַן עסקאַדריליע...

סע ענגערן בליקן די יאַמישע ווייט. אָפן קאַפּיטאַן־בריקל — סיגנאַ־ליזאַטאָרן. באַ די סיגנאַליזאַטאָרן זיינען שאַרפע אויגן. זיי זיינען צונעזאָמט געוואָרן צו די שפּאַקטיוו־רערן. האָבן זיך טיף אַריינגעפּרעסט אין האָרי־זאָנט. דערזען און — אָנגעזאָגט אונטן און אויבן:

— „וועכאַ“.

„דער ציווילער“ פאַרשטייט ניט, האָט ער אַ פרעג נעמאָן:

— אַ פּאַנצער־שיף?..

לאַכן זי מאַטראָסן, גיבן צו פאַרשטיין.ריידן וואָס פאַרשטענדלעכער, אַניט וועט ער ניט פאַרשטיין:

— אַף דער „וועכע“ איז ניטאָ קיין האַראַמאַטן... אַזוי, — אַ מין דאַמף־שיף.

— אַף רעדער...

— ער צושטעלט צייכנס שווימענדיקע... דאָס איז אַ לאָצמאַנישע שיף, דערפאַר הייסט זי מאַקע „וועכע“...

עס שמייכלט רימטשענקאָ. די אויגן זיינען אַזעלכע גוטע, בלויע, ווי אַ מאַטראָסישער קאָלנער.

— זעסט, מען סיגנאַליזירט אים... דאָס באַטייט — ער זאָל זיך שטעלן צו אונזער קאָרמע, און אָט דער סיגנאַל איז דעם קאָמאַנדיר — ער זאָל זיך מעלדן צו אונז אַפן שיף.

— זעסט, די שליופּקע איז אָפּגעשווומען... זיי שיפן אַהער... דאָס גייט ער אָפּגעבן אַ ראַפּאָרט...

ער איז געקומען אין פולער פּאַראַד־אוניפאָרם. אַפן ברוסט אַ גאַנצע בילדער־אויסשטעלונג.

מאַטיושענקאָ — קורץ און שאַרף:

— אַרעסטירן!

ער האָט באַ אים אָפּגענומען דאָס געווער:

— אַראָפּ די עפּאָלעטן!..

באַם קאָמאַנדיר אַפן פּאָנעם אַ געמיש: פון פאַרווונדערונג, פאַר־לאָרנקייט, שרעק און צאָרן. אַף אַ רעגע בליצט אוף אין קאָפּ: „ער איז שיקער, דער אויסוווּרף“...

דער קאָמאַנדיר הויבט ניט אָן צו פאַרשטיין, וואָס דאָ טוט זיך. ווי אין היץ קלאַפּן אים איבערן קאָפּ שווערע ווערטער: „דאָס פאָלק“. „די מאַטראָסן זיינען אופגעשטאַנען קעגן די אונטערדריקער“...

— אין נאָמען פון פאָלק דערקלער איך אייך — אַרעסטירט...

דער מויער אַרבעט שווער. ער קוקט זיך אַרום. אַפן פּאָנים — פאַר־לאָרנקייט. די פיס ציטערן אים. ער האָט זיך באַקלערט:

„אַרום — קיין אָפּיציר ניטאָ. אַרום און אַרום ביקסן:.. באַ אָט־אָ־דעם ביינערדיקן ווערט קיין ראַכמאָנעס ניט דערוועקן. ער האָט באַנומען: אַ בונט“...

באַם קאָמאַנדיר טריקנט פון שרעק דער גומען. דער צונג פאָלגט אים ניט. ער האָט קוים אַרויסגעקוועטשט:

— וואָס איז מיט אייך, בראַטצי... האָט ראַכמאָנעס... איך בין אַ קליין מענטשעלע.... מיט דער שיף־קאָמאַנדע לעבן מיר פריינטלעך... מיינע מענטשן לעבט זיך גוט...

— אַ סאָף! וועסט דערנאָך ריידן. נעם אַראָפּ די עפּאָליעטן...

עס ווילט זיך ניט דעם קאָמאַנדיר צושיידן זיך מיט זיינע צאַצקעס. אַזוי פיל יאָרן געטראָגן זיי און מיטאַמאָל... דער קאָווער פון מונדיר ווערט פאַרשוועכט ווערן. ער ניט אַ וואָרף די אויגן אַף דער שיף־קאָמאַנדע... אַרום און אַרום פיינטלעכע, פרעמדע פּענימער. גאָר ניט אַזעלכע, ניט די וואָס ער איז געוווינט צו זען. עפּעס נייע זיינען זיי. שטייפע, פּעס־טע, אומפאַרשטענדלעכע... כוויזעקדיקע, דורשטיק שמייכלען די ווייסע ציינער זייערע און נעבן אים אַט־אָ־דער ברייטביינקער. אין האַנט בא אים אַ רעוואָלווער.

— נו שוין!..

מיט ציטערדיקע הענט רייסט ער אַראָפּ די עפּאָליעטן, לייגט זיי פאַר־ויכטיק אַוועק אַפן טיש. ער איז שטיין געבליבן אַזוי אָן די עפּאָליעטן, און אין קאָפּ טראָגט זיך דורך:

„דאָס לעבן איז טייערער“...

מאַטיושענקאָ מיט אַ הייזעריק קאָל:

איצט שפּאַן אַוועק אין אַדמיראַלישן צימער.

באַם קאָמאַנדיר איז אַ נעבעכדיק אויסזען. די ליפּן הייגנען אים אַראָפּ, די קין־באַקן ציטערן. ער בעט זיך:

— האָט ראַכמאָנעס, ברידער, לאָזט מיך אָפּ צו זיך אַפן שיף אַף דער „וויעכא“... איך וועל ניט אַנטלייפן... דאָרטן איז באַ מיר אַ פרוי מיט אַ קינד.

— דיין ווייב?...

— נ־ניין... אַ פּ־פּ־רע־מ־דע...

אַ שטורעם־געלעכטער.

— מיינט ניט, אַז דאָס איז עפּעס כ׳וויים וואָס פאַר אַ פרוי. דאָס איז די פרוי פון אייער קאָמאַנדיר... גאָליקאָווע... זי איז מיט אַ קינד.... מוזט איר מיך אָפּלאָזן צו איר... עמיצער מוז דאָך זי אָפּהיטן... מען קען זי נאָך באַליידיקן... איר פאַרשטייט דאָך אַליין...

ווי ער וואָלט זיי מיט אַ ביימש אַ שמיץ געטאָן איבערן לייב. אַ נע־פּילדער:

— וואָס זיינען מיר, גאַזלאָנים, צי וואָס?

— מיר זיינען דאָך ניט איר!

— אַ פּרוּו וועלן מיר ניט אָנרירן...
מאַטיושענקאָ האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין:
עד דו, מענגוול! טראָג זיך אָפּ... אַ ניט... זעסטו?..
און ער האָט אים צוגעטראָגן האַרט צום נאָז דעם רעוואָלווער. באַם קאָמאַנדיר איז אַרויס אַ קאַלטער שווייס אָפּן שטערן. ער איז עפּעס חי אַראָפּגעזעצט געוואָרן און צעפּלאָסן זיך, ווי מען וואָלט אים פון די ביי־נער אַרויסגעשיילט.
ער האָט זיך אַ קער־אויס געטאָן, האָט זיך הילפלאָז אַרומגעקוקט און איז אונטערטעניק אָוועק...
אין אַדמיראַלטייִשן צימער האָט מען אים אַדורכגעלייענט דעם פּראָטאָקאָל פון די געשעענישן און באַפוילן אים ער זאָל זיך אונטער־שרייבן.
פון „פּאָטיאָמקינען" צו דער „וועכע" סיגנאַליזירט מען:
„דער קאָמאַנדיר פאָדערט־אויף אַלע אָפיצערן אַהער".
זיי זיינען נעקומען — איינס און צוויי. און אין איין רענע אַראָפּגע־נומען די עפּאָלעטן.
קיין איין שטים פון פּראָטעסט. מאַטיושענקאָ באַפעלט מיט אַ ווונק:
— אַרעסטירן... אָפּפירן אין אַדמיראַלישן...
— פּאַראַן...

## געבראַכט די דראַקאָנעס *

דער אַדמיראַלישער צימער איז געפּאַקט מיט אוילאָם. ס'קומט פאָר אַ זיצונג פון דער קאָמיסיע. אַף די ווענט—בילדער פון קייסאָרים און גרייס־פירשטן. מען האָט אַריינגעפירט די אָפיצערן. באַ די זייטן — אַ וואַך. עס איז טומלדיק, אָנגעדרויכערט. מען קאַרגט ניט קיין אויסדריקן. און אַזוי זיך פון דער זיים פאַרדרייט עמיצער אַ פּעכיקן דורכגעפּעפּערטן שאַרפן ווערטל. ברוינעזן זיך די קייסאָרים. שטרייננ קוקן די פירשטן. אַ סטודענט רעדט, הייזעריק געוואָרן: דעם ווילפלטן מאָל קומט אים אויס צו ריידן. עס רעדט, און אַליין שפּילט זיך דאָס מיטן רעוואָלווער. שוין אַזאַ געוויינהייט באַ אים. ער פאַרענדיקט:
— ...סאָף קאָל סאָף, איז אָנגעקומען דער לאַנג דערוואַרטער טאָג, ווען דאָס אומגעשטאַנען פאָלק אַרעסטירט זיינע הײנקער און מישפּעט זיי פאַר זייערע פריערדיקע פאַרברעכנס...

---

* אַזוי פלעגן די מאַטראָסן אָנרופן אין דעם צאַרישן פלאָט די אָפיצערן.

באַ די אָפּיצירן זײַנען גרין געוואָרן די פּנימער.

דורך דער הויט זייערער לייכט אַרום דער פּאַכאַד. דער טויט־שרעק האָט אַרויסגעשלאָגן פון זייערע זיבעם יעטווידן געדאַנק. די מאַטראָסן איז דערווידער זייער פּאַכדאָנעס. נעכטן נאָך, האָבן זיך דידאָזיקע אָפּי־צערן גרויסגעהאַלטן מיט זייער דרייסטקייט, מיטן אָפּשטאַם, און היינט זײַנען זיי גרייט די שטיוול לעקן.

עמיצער פון די מאַטראָסן האָט אַ הוקע געטאָן:

— אוך! נעמיינהייט גאָלד־עפּאָלעטישע! אַפילע שטאַרבן ווי געהעריק קאָן דאָס ניט...

— לויז געוואָרן. די שרויפן האָבן זיך אָפּגעדרייט!..

עס ציטערן די אָפּיצירלעך. באַ דעם קאָמאַנדיר האַקט זיך איבער די שפּיט:

— ברי־יעדערלעך... איך בין דאָך שטענדיק פאַר אייך...

— האָלובטשיקעס, האָט ראַכ־מאָ־נעס... וואָס בין איך? מען האָט מיר באַפוי־לן...

— דע־ר־באַ־רעמ־ט־זיך אַף מיינע קינדער.

די מאַטראָסן קוקן זיך איבער:

— מיר וועלן שוין שפּעטער זען... אָפּפירן די אַרעסטירטע!

פּלוצלונג, פון אויבן:

— היט זיך!..

— פאַרטראָג אַביסל דיין עק!..

— שווער, צו אַלדע רוכעס...

דאָס האָט מען פון דער „וויעכע" די שיף־קאַסע געבראַכט. אַוועקגע־שטעלט. צעעפנט. די קאָמיסיע ציילט איבער דאָס געלט. סאַכאַקל טויזנט צוויי הונדערט רובל.

די שיף־קאָמאַנדע פון „וויעכע" האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די זיי־עריקע.

— ניין, בעטעמס... זיי זײַנען נישקאָשע... מענטשן גוטע... מיט דער קאָמאַנדע לעבן זיי ווי גלייכע...

— נעקריוודעט האָבן זיי קיינעם ניט, נעקריוודעט...

וואָס איז דאָ לאַנג צו ברייען — פּראַפּאָרן... פון אונזערע ברידער... האָבן זיך געלערנט — האָט מען זיי אַוועקגעשטעלט בעראָש...

די קאָמיסיע האָט זיי אַרויסגעגעבן אָפּן וועג צו הונדערט רובל אַף אַ ביילעק. און מען האָט באַשלאָסן לאָזן זיי אַלעמען אָפּן ברעג.

איינער פון זיי דער דאָקטער גאַליענקאָ, פון דער שיף „וויעבאַ“, האָט געבעטן מען זאָל אים דאָ איבערלאָזן, — ער וויל פאַרבלייבן מיט זיי.

בא גאַליקאָווס פרוי זיינען די אויגן פאַרוויינט. זי קוקט ערגעץ אין דער זייט. אין שטים בא איר טרערן.

— וואו זשע איז דער מאַן? דערהאַרגעט?...

— ער לעבט, ער לעבט...

— נעמט זיך ניט צום האַרצן...

— מען האָט אים אָפּגעפירט אויפן מענדער...

— זייט ניט באומרויִקט...

מען האָט אויף איר ראַכמאָנעס געהאַט, צי וואָס אומזיסט זי צערו־דערן. זאָל זי בעסער שפּעטער זיך דערוויסן. זי איז דאָך דאָ ניט שולדיק.

די מאַטראָסישע האַרץ האָט פאַרמאָגט אַכטונג צו פרעמדן אומגליק. מען האָט זיך באַראַטן און איבערגעגעבן אויף איר נאָמען טויזנט רובל.

עס וועט איר דערווייל סטייען, דערנאָך וועלן איר די איריקע צוהעלפן.

זי האָט זיך באַרויִקט, די קאָמאַנדירשע, און איז מיט די איבעריקע אַריבער אויפן ברעג.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דערפאַר אויפן מישפּעט, ווען עס איז באַטראַכט געוואָרן דער איניען וועגן דעם אופשטאַנד אויפן פּאַנצערשיף „פּאָטיאָמקין“, האָט זי, די מאַדאַם גאַליקאָווע, גוט באַדאַנקט די „פּאָטיאָמקינער“. זי האָט אַלעמען מיט שמוץ באַגאָסן, קיינעם ניט געשוינט.

## דריי אָפיצערן ווילן פאַרבלייבן

אַלעקסייעוו לייגט פאָר אויסהערן די אָפיצירן. דריי אָפיצירן ווילן פאַרבלייבן. זיי ווילן זיך ניט אַרויסזעצן אויפן ברעג. עס האָט זיך אופגע־הייבן אַ אויסערגעוויינלעכער געפּילדער. אַ טומל. איינער וויל אַריבער־שרייען דעם צוויימן. מיט גרויס מאַטערניש, אַדאַנק דער ווירקונג פון דעם „ציווילן“, האָט מען אויסגעקליבן אַ פאָרזיצער. מען האָט גענומען פירן די פאַרזאַמלונג אָרגאַניזירט. מען האָט באַשלאָסן:

— אויסהערן זיי.

אַלעקסייעוו האָט פאַראָרדנט:

— ברייגנען די אַרעסטירטע.

אַרומגערינגלט פון דער וואַך — דרייען: דער אינזשענער קאָוואַליענקאָ, דער דאָקטער גאַליענקאָ, און דער מיטשמאַן קאַליוזשני.

מען האָט זיי נעבראַכט. באַ די זייטן די וואַך.

זיי זיינען צו נעענטער. אַ שאַרפער מאַכאָרקע־רייער. זיי קוקן זיך אַרום. — אַרום און ארום פלאַנעלקעלער, בלויע קאָלנערלער, געשטרייפטע העמדלער, די קיילעכדיקע היטעלער זיינען וואָויל־יונגעריש אָפּן פּאַ־טיליצע אַראָפּגעפּאָרן, אין די ציין ציגאַרעטלער.

מאַטיושענקאָ — מיט אַ הייזעריק קאָל:

— זאָלן זיי ריידן...

אַ יונגער, איידעלע געזיכטס־שטריכן, העלע האָר, אַ צאַרטער, אַ ווייב־לעכר, אַ אומאַנטשלאָסענער, אַ שטענדיק וואַקלענדיקער, ניכער אַ ליבע־ראַל, איידער אַ רעוואָלוציאָנער. עס האָט אים פאַרכאַפּט, דעם יונג, דער רעוואָליוציאָנערער שטראָם. עס האָט אים אַריינגעצויגן, ער האָט זיך אָנ־געצונדן און האָט באַשלאָסן פאַרבלייבן אַף „פּאָטיאָמקינען“. ער איז אַן אָפיצער און וועט דאָ נויטיק זיין.

אָבער אַנדערש טראַכט דער „ציווילער“.

יאָ, מען באַדאַרף מענטשן, דאָס איז ריכטיק, עס זיינען אָבער נייטיק שטאַרקע, אויסגעהאַלטענע, אַנטשלאָסענע מענטשן. און דער, קאָ־וואַליענקאָ? ער איז גרייט אָפּגעבן זיין לעבן פאַר דאָס פאָלק, ער איז אָבער צו ווייך, עס וועט אים דערשרעקן די ערשטע מעגלעכקייט פון אַ בלוט־פאַרגיסונג. ער פאַרשטייט אויסגעצייכנט, אַז די רעוואָליוציע פאַ־דערט קאָרבאָנעס, ער קען זיך אָבער אַף דעם ניט באַשליסן. ער וואַקלט זיך, דער אינזשעניער. מען האָט באַשלאָסן:

„ניין, אַזעלכע וואַקלדיקע דאַרף מען ניט“.

קאָוואַליענקאָ דערקלערט:

— איך האָב פריער געאַרבעט אין אַ אוקראַאינישער אָרגאַניזאַציע... שטענדיק מיטגעפילט דער באַוועגונג... און אַצינד, אין דער מינוט, וואָלט מיר אַ שאַנד געווען איך זאָל ניט צושטיין צו אייך... זאָלן ניין אָפּן ברעג די וואָס הימן זייער פעל...

די, וואָס אין די בלויע קאָלנערלעך, הערן, הערן אויפמערקזאַם. ער רעדט גוט, דער אינזשענער, אופריכטיק. עס איז אָבער ניטאָ אין אים די קראַפט, ניטאָ די איבערצייגטקייט וואָס אַ פירער דאַרף.

מיט קליינינקע טריטעלעך, אַ ריינינקער, אַ ווייסינקער, אַן אויסגע־כאָליעטער, אַ זעלבסט־צופרידענער, אַ פליך, — גלאַט ווי אַ קני. די כיטרע אויגעלעך — עקבערן... דאָס איז — דער דאָקטער גאָליענקאָוו. ער רעדט גלאַט, זיכער. די גאַנצע צייט כאַנפעט ער זיך אונטער, פאַר־זיכערט, אַז ער שטאַמט פון פויערים. ער שטרייכט אונטער, אַז נאָך

זיינענדיק אין אוניווערסיטעט איז ער געווען אויסגעשלאָסן דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרשפּרייט אומלעגאַלע ליטעראַטור. עס האָט זיך אים קוים איינגעגעבן צוריק אָנקומען. אַצינד קען ער ניט שטיין פון דער ווייטן.

דעם „ציווילן" געפעלט ניט דער דאָקטער. געפעלט ניט און טו אים עפּעס. ער טראַכט:

„אַף דעם דאַרף מען גוט אַכטונג געבן... אַ כיטרער יונג".

גייט אַביסל אַף אַ זייט, ניט זיכער... קוקט אַראָפּ צו דער ערד, קימאַט אַ יינגל. אַזאַ איז — דער מיטשמאַן קאַליוזשני. אַף זיין נאַנצער פיגור ליגט עפּעס אַ דערשלאָגנקייט. אין זיינע אויגן עפּעס אַ מידקייט. פּלאָנ־טערט די רייד, פאַרעדט זיך, ציפּט נערוועז אַ קנעפּל. האָט עפּעס דורכ־געשטאַמלט אַזוינס, אַז ער וויל אויך פאַרבלייבן אַף „פּאָטיאָמקינען"... עפּעס מורמלט ער אומפאַרשטענדלעכעס. ער האָט זיך דערשראָקן, דער מיטשמאַן, — קאָן ער פון דעמאָלט אָן צו זיך ניט קומען. ער ציטערט, דער מיטשמאַן, אַפן ברעג גיין. עס דאַכט אים אַלץ, אַז דאָרטן, אַפן ברעג קומט פאַר אַ שכיטע. בעסער דאָ פאַרבלייבן, עפּשער וועט מען אים ניט אָנרירן דאָ.

עס קוקן זיך איבער די בלויע קאָלנערלעך. אין די טיפּעניש פון מאַטיושענקעס געזיכטס־קנייטשן ליגט פאַרבאָרגן אַ בילד פון נאָענטן אָווער. ער האָט אויסגעשריען:

— פירט אים אָפּ...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די דעבאַטן. דער, וואָס איז ציוויל געקליידט האָט אַ פרעג געטאָן:

— און ווו זיינען זיי געווען ווען גאָליקאָוו האָט אייך געוואָלט צע־שיסן?...

און דער וואָס אין באָרד שרייט הייזעריק:

— פאַרוואָס האָט בּאַ זיי דעמאָלט דער געוויסן געשוויגן?... פאַר־וואָס האָבן זיי דעמאָלט ניט געפאָדערט, אַז עס זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן די נידערטרעכטיקייטן?

— מיר האָבן ווינציק אָפיצירן... זיי וועלן צונוץ קומען...

— קלאָר!... וואָס איז דאָ צו ריידן...

— איר זייט אַ פריי פאָלק, ציווילע לייט, איר וועט אונזערע איניאָ־נים ניט פאַרשטיין!..

יענער, דער ברוינער, וואָס מען רופט אים קאָנסטאַנטין, איז בייז געוואָרן:

— זיי וועלן אייך אָנטאָן אַזוינס, אַז...

— נישקאָשע!... נים שרעקלעך!... מיר וועלן צו זיי צושטעלן גוטע הימער...
— זיי זאָלן זיין אומשעדלעך, דאָס קען מען פּלעמאָל דערווייזן!
— אויב עפּעס וואָס — איז אריבערן באָרטן!
— אין וואַסער איינס און צוויי!
נאָך אַ לאַנגן יִשעוואַדאַעס האָט מען באַשלאָסן:
„די פּאָרשלאָגן פונעם דאָקטער גאָליענקאָ, אינזשעניער־מעכאַניק קאָוואַליענקאָ און מיטשמאַן קאַליוזשנע אָנגעמען. דעם קאָמאַנדירס פרוי — גאַליקאָווע און די איבעריקע אָפּפירן לויט זייער ווונטש אפן ברעג“.
אַליעקסייעוו האָט זיך אופגעשמעלט. געטראָפן זיך מיט די אויגן מיט מורזאַקן.
— באַפרייען די אַרעסטירטע!
— פּאַראַן.

## דער פּראָפּאָרשטשיק אַלעקסייעוו ציטערט פאַר זײַן פעל

צוויי מאַטראָסן קייקלען זיך ווי אַ קנויל איבערן טראַפּ:
— עס ברענט! אַ ס־ר־יי־ייפע.
— ווו?
— דער האַפן ברענט!
— עך, צום טייוול!... און איך האָב געמיינט...
מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן איבערן שיף־דעק. איבערן בוכטע — אַ פייערדיקער אָפּגלאַנץ. דער יאַם איז אין פלאַמען. עס פלאַטערן פייערדיקע צינגער, עס ברענען די פּאַקהייזער. פון ברעג דערטראָגן זיך גע־שרייען נאָך הילף. אַ דורכווײַסיקער געיאָמער... מיטאַמאָל דאָס שווידער־לעכע....
— טר־אַ־ט־טאַ־טאַ...
— אויסוואורפן, שיסן אין פּאָלק...
די מאַטראָסן טראָגן זיך אַרום ווי צעמישטע איבערן שיף־דעק.
— וואָס טוט מען?
— שיסן איבערן שטאָט...
— בהיימע, וווהין?
— אַלץ איינס, מען שלאָגט דאָרט אונזערע ברידער...
— מען צעשיסט אומבאַוואָפנטע...
דער, וואָס אין ציווילע קליידער, דער, וועמען מען רופט קיריל, בעט

זיך באַ זיי:

— באַווײַרים! נאָר איר אַליין קענט אָפּשטעלן די שכיטע... באַ אײַך זײַנען דאָ האַרמאַטן...

— מען טאָר ניט... מען קען דאָך טרעפן אין אייגענע...

באַם ציווילן אין קאָפּ איז אַ מישמאַש, זײַנען געדאַנקען פּלאַטערן, דאָס באַוווּסטזײַן פון דער אייגענער מאַכטלאָזיקייט מאַכט אים מעשוגע".

— טר־ראַך... טררא־טאַ־טאַ...

מען הערט מיט פּאַרטייען אָטעם. עמיצער סקריעט מיט די ציין. דער ציווילער האָט ניט אויסגעהאַלטן, ער גוואַלדעוועט און שרייט:

— דאַרט קומען אום מענטשן פאַר אונז, און מיר, וואָס טוען מיר? שטאַרקע, באַוואָפנטע, שטייען מיר מיט צענויפגעלייגטע הענט. איז דאָס ניט קיין געמיינהייט?...

עס איז צוגעגאַנגען אַלעקסייעוו:

— וואָס ווילט איר? וואָס הייבט איר אויף אַ פּאַניק? צי אַזוי שיסט מען דען? דאָס פּלאַצן פון פייער די דעכער...

זײַן שטים איז אַן אַווטאָריטעטע. באַ דעם „ציווילן" אין מויעך: שיידים וויסן זיי, דידאָזיקע מיליטער־לייט, עפּשער איז ער גערעכט"... ער האָט געגומען גלויבן. אַביסל באַרויקט זיך.

באַ די מאַטראָסן איז אָבער אַ געניטער, דערפאַרענער אויער. זיי האָבן פאַרנומען דעם קלאַנג פון די זאַלפּן. אַ קאַלטער גרויל איז פאַרקראָכן אין די פּאַשעטע מאַטראָסישע הערצער. שטיל, ווי אַף אַ בייסוילעם. עס איז עפּעס מוירעדיק הויך אַן אָטעם צו טאָן. און כאָטש עס איז שוין שפּעט— שלאָפט זיך ניט קיינעם. עס איז ניט צום שלאָף, עס הילכן די נערוון. עס איז אַזאַ צושטאַנד, אַז יעדער איינער פון די מאַטראָסן, דער סאַמע אומ־אַנטשלאָסענער, איז אַצינד גרייט, טאַקע שוין אין דער רעגע גיין צו הילף צו יענע, וואָס געפינען זיך אַפן ברעג. מען האָט זיך איינגעגעסן אין דעם קאָמאַנדיר מיט די אויגן. מען וואַרט, וואָס וועט ער זאָגן. עס שווייגט, דער פּראַפּאָרשטשיק.

אין דערדאָזיקער שוידערלעכער נאַכט האָט זיך אַרויסגעוויזן די גאַנצע מענטשלעכע קליינלעכקייט פון אַליעקסייעוון. זײַן גאַנצע נישטקייט, און די פּאַכדאָנישקייט זײַנע. עס ציטערט פאַר זײַן פעל, דער פּראַפּאָרשטשיק.

אין די שאָען פון דער בלוטיקער שכיטע פרווט ער אויסצודינגען זיך. אין אָט־אָ־דער שוידערהאַפטער נאַכט שטעלט ער אין קאָן דאָס לעבן פון טויזנטער מענטשן: קומען זיי צו הילף — הייסט אַרונטערפאַלן אונ־טערן געריכט.

אפן שיף־דעק קיין קלאנג נים. מען ווארט א פאראָרדענונג.
נאָר דער פראפאָרשטשיק שווייגט.
פלוצלינג פון עק מאָל:
— אַ־אַף „פאָ־אָ־טיאָם־קי־י־נען“!
מען האָט אַוועקגעשיקט א שליופקע. מען איז צוגעגאנגען נעענטער:
— ווער איז?..
— א זעלנער פון יאַם־באַטאַליאָן...
— וואָס ווילסטו זאָגן?...
— כאווירים! די יאַטן האָבן מיך באפולמעכטיקט אייך איבערצוגעבן אינעם נאָמען פון באַטאַליאָן, אַז מיר זיינען מיט אייך, מיר פאַרייניקן זיך מיט אייך. און שטיצן אייך.
— דאָס איז גאָר?
— אַלץ! זייט געזונט!...
מען האָט דאָס דערציילט אַלעקסייעווען:
— דער יאַם־באַטאַליאָן דריקט אויס זיין פולע סאָלידאַריטעט...
— די גרעסטע טייל מיליטער, די וואָס זיינען אין אָדעס, זיינען אַף אונזער זייט. זיי ווארטן מיר זאָלן אָנהייבן...
דער „ציווילער“ זאָגט:
— די אַרמייער פילן מיט דעם אופשטאַנד...
עס שווייגט דער פראַפאָרשטשיק.
און דאָרט, אַפן ברעג, אין די שטאַבן, האָט נאַטשאַלסטווע איינגאַנצן דעם קאָפּ פאַרלאָרן. ראַפּאָרטן, פאַראָרדענונגען. אָן אויפהער קלינגט דער טעלעפאָן.
עס פליען אַרום אָן זינען, מעשוגענערוויים קאַזאַקן איבערן שטאָט. אַרום און אַרום שטייען פאַטרולן. אַף דער פרעאָבראַזשענער גאַס האָט זיך דאָס מיליטער צעלייגט אין אַ ביוואַק. עס רויכערן זיך די וועג קיכן. עס הירזשען די פערד. אַלע ווײַלע קלינגט דער פעלד־טעלעפאָן.
אַפן טעאַטער־פּלאַץ — מיליטער. די ביקסן אין די געשטעלן צו־שטעלט. אַרום און אַרום קוילנוואַרפער. די שטימונג איז אַן אומרויקע, איין פאַראָרדענונג פאַרבייט די צווייטע.
די „קאָנקע“ גייט נים. די באַנקן, מאַגאַזינען און קאָנטאָרן — אַלץ איז פאַרמאַכט. זעלטן ווען לויפט דורך אַ קאַזאַק, אַרומקוקנדיק זיך מיט מוירע אַף די זייטן. ערגעץ ווייט — איינציקע זאַלפּן. די רישעליעווער גאַס איז פאַרפלייצט פון אַרבעטער. עס הילכן טרוקענע רעוואָלווער־שאָסן.

דאָס סטאַרען זיך די גאַראַזאַווע. אין פיל ערטער זיינען אויסגעוואַקסן באַריקאַדן פון וואַגאָנעם, ווענענער, ברעטער און טעלעגראַף-סלופעס.

עס לויפן דאָ אויך אַרום קינדער. אָן זיי גיים קיין סימכע ניט אָן.

מען גרייט זיך צום אָנגריף. אַרבעטער פאָדערן געווער, און געווער איז ווייניק; די אָרגאַניזאַציעס קענען צו קיין אויסגלייך ניט קומען: די געשעעניש האָבן זיי פאַרכאַפּט אומדערוואַרט.

אין שטאָט-טעאַטער — אַ מיליטער באַראַטונג, בעראָש פון דער באַראַטונג שטייט דער מיליטער קאָמאַנדיר, קאָכאַנאָוו. אַרום און אַרום גענעראַלן. מען באַטראַכט, מען באַראַט זיך, ווי אַזוי אַרום דערשטיקן דעם אופשטאַנד.

אין דער אַרמיי איז אויך ניט אַלץ קעשורע. צווישן די אַרמייער וואַקסט די אומצופרידנקייט.

צוויי אַרמייער — דעלעגאַטן פון איזמיילאָווער און פון דונייער פּאָלקן האָבן זיך דערקליבן אַף „פּאָטיאָמקינען". זיי זיינען אופגערעגט, די שטימען זייערע רייסן זיך איבער, זיי כאַפּן אויס איינער באַם צווייטן:

— בראַטצי, מען האָט אונז געשיקט צו אייך, איר שרעקט זיך ניט— מיר זיינען ניט פון יעניקע...

— מיר פילן אייך מיט, אָבער צווישן אונז איז דער בונד ניט אַזוי פעסט ווי...

— כעוורע האָט מוירע אָנהויבן...

— זאָלן אייערע יאַטן...

— אין שטאָט-טעאַטער — דאָרטן איז די גאַנצע נאַטשאַלסטווע...

— איר גיט נאָר דעם ערשטן זאַלפּ, די גענעראַלער וועלן מיר שוין אַליין אויסווערגן און מיר קומען צו אייך...

— דאָס איז עמעס ווי גאָלד...

## אף דער פאַרזאַמלונג

דער טרומייטער רופט צונויף. די טענער קלינגען מיט הילכיקן קופּערנעם קלאַנג.

— אַף אַ פּאַ—אַר—זאַ—מלו—ונג!

דער אוילעם האָט זיך צעוואָרפן אַף די שקאַנצעס, אויסגעזעצט זיך אַמפּיטעאַטער-אַרטיק. די ערשטע רייען האָבן זיך אויסגעזעצט אַפן שיפדעק, די צווייטע רייען — שטייען, די דריטע — ווער אַף וואָס עס שטייט. די ריזיקע טורעמס זיינען אָנגעפּיקעוועט מיט ווייסע העמדלער.

אַנדערע זיצן רייטנדיק אַף די שנוקעס פון די צוועלף־דיוויזיקע באַ־שעפענישן. זיי ווינקן זאָרגלאָז די פיס. אין סאַמע צענטער געפינען זיך צוויי „קנעכטן“, אַף איינעם פון זיי דער „ציווילער“.

— כאַוויירים! אויב איר האָפט אַף באַגנעדיקונג, האָט איר אַ גרויסן טאָעס. נאָך דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען, האָט איר ניט וואָס צו וואַרטן, אַז מען זאָל אייך שוינען. איר האָט אַריבערגעשפּאַנט אַריבער יענעם טכום, ווען איר קענט שוין ניט האָפן אַף קיין שום פאַרגיטיקונג. וואַפן־שטיל־שטאַנד מיטן צאַריזם קען ניט געמאָלט זיין... מען דאַרף אַצינד דעם סוינעס דערלאַנגען אַזאַ זעץ, פון וועלכן ער זאָל זיך ניט קענען אופהויבן. איר ווייסט אַז דאָס מיליטער איז גרייט אַריבערגיין אַף אונדזער זייט. נאָר אַליין אָן אייך וועלן זיי זיך אַף דעם ניט באַשליסן... דאָס דאַרפן טאָן איר — מאַטראָסן!..

מען הערט אופמערקזאַם, אָנגעשטריינגט. פּענימער פאַרברויזנטע, פאַר־ווינטיקטע, זיינען פאַרטיפט, די אויגן קוקן ערנסט און פאַרטראַכט.

באַם „ציווילן“ איז שוין הייזעריק די שטים. ער איז מיד — צום ווייפלטן מאָל רעדט ער שוין.

— מען דאַרף טייקעף דערלאַנגען דריי לייזיקע זאַלפּן — דאָס דאַרף דינען ווי אַ וואָרענונג דער באַפעלקערונג. און צוויי שלאָג־זאַלפּן דאַרף מען דערלאַנגען אין שטאָט טעאַטער. דערנאָך דאַרף מען טייקעף אַרויס־שיקן צום ברעג אַ דעפּוטאַציע פון דריי מענטשן מיט די פאָלגנדיקע פאָדערונגען:

— ערשטנס — טייקעף באַפרייען אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע; צווייטנס — אופהערן צעשיסן די פרידלעכע באַפעלקערונג, און דריטנס — אַרויספירן דעם גאַנצן מיליטער פון שטאָט און איבערגעבן די אַרסענאַלן אין די הענט פון פאָלק. אויב אָבער די מאַכט וועט ניט אויספילן די־דאָזיקע פאָדערונגען, וועלן מיר אָנהייבן מאָרגן צו באַשיסן די שטאָט.

עמיצער פון הינטן:

— באַשיסן די שטאָט טאָרן מיר ניט...

— פאַרוואָס?

— מיר וועלן דאָרט אויסהאַרגענען די איינוווינער.

פּידאָפּרי־האָראַ:

— אַז מען וועט זיי אָנזאָגן וועלן זיי אַרויספאָרן!..

די שיף־קאָמאַנדע איז אופגערעגט. זי איז אַף צווייען צעשפּאָלטן.

איין טייל פאָדערט:

— קנאַק איבערן שטאָט!..

דער אַנדער טייל:

— מען טאָר ניט...

אָטאָ די געווינען די אויבערהאַנט. דאָ זיינען ס'ראָוו די, וואָס אין פלאָט רופט מען זיי „פעלן“!...

זיי האָבן דראָענדיק אַ דונער געטאָן:

— אַראָפּ די „ציווילע“.

באַם רעדנער איז דער פּאָנים ווייס ווי פּאַפּיר. ער האָט פאַרשטאַנען אַז עס איז דורכגעפאַלן. ס'איז צו אים צוגעגאַנגען קיריל. אַריינגערוימט:

— צו שאַרף גענומען... מען טאָר ניט אַזוי...

עס ערגערט זיך דער סטודענט, ער פאַרשטייט, אַז ער האָט זיך צופיל צוהיצט, מען האָט ניט געטאָרט באַרירן די פראַגע וועגן דעם פלאַן. דאָס וואָלט עמיצער פון די מאַטראָסן גערארפט טאָן.

און פון הינטן:

— אַראָפּ די „ציווילע“.

— מען דאַרף פרעגן אַלעקסעיעוון... זאָל ער זאָגן...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

איז שטיל געוואָרן. מען וואַרט, וואָס וועט זאָגן דער, וועמען מען האָט פאַר אַ קאָמאַנדיר אויסגעקליבן...

אָבער דער פראַפאָרשטשיק אַלעקסייעוו שווייגט, ווי ער וואָלט שטום געוואָרן. ער ציטערט, אַלעקסייעוו, פאַר דער טליע... און אין מויער באַ אים אַ האָפענונג: „מען וועט אים עפּשער באַגנעדיקן“...

וואָס גייט אים אָן די רעוואָליוציע? אים איז נאָר וויכטיק צו פאַרהיטן זיין פעל. ציטערנדיק פאַרן לעבן האָט ער אָנגענומען דעם פּאָסטן פון קאָמאַנדיר, און טאַקע באַלד אין דער רעגע דערשראָקן זיך פאַר דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און אַצינד מאַכט ער זיך קליימערשט קראַנק.

דער אוילעם רוישט...

עס טומלען די קאָנדוקטאָרן, עס הוקן די נאָוואָבראַנצעס. עס פילדערן די אונטער-אָפיצירן... עמיצער האָט זיך שאַרף אויסגעזידלט.

לאַנג שוין אַז די „פעל“ רודערט... זיי אַרבעטן אין דער שטיל... אָ, זיי שלאָפן ניט!..

אָבער אומזיסט פאָדערן די קאָנדוקטאָרן אַליעקסייעוון.

— זאָל ער, אַליעקסייעוו זאָגן!..

— אַ וואָרט, דער קאָמאַנדיר דאַרף איצט זאָגן זיין וואָרט...

אָבער ער שווייגט נאָך אַלץ ווי אַ פיש, דער פראַפאָרשטשיק. ער ציטערט פאַר טליע. איין געדאַנק פּיקט אין קאָפּ:

„עפשער וועלן זיי אים פארט מוחל זיין“.
גאר פלוצלינג איז מאטושענקא ווי א ספרונזשינע ארופגעשפרונגען אפן „קנעכט“.
— שטייט, ברידער ווארט!
אלע ארום זיינען אנשוויגן געווארן.
— איך זע, כאוויירים, אז בא אונז ווערט א מאכלויקעס. איין מייל שטייט־אויף קעגן דער אנדערער. מיר מוזן האבן אכדעס... און בא אונדז איז וואס? מען וועט דאך זיך באלד פאר די ביקסן כאפן... איינע די אנדערע דערשטעכן... אזוי מאר בא אונדז ניט זיין... ווייניק האט אייך נאטשאלסטווע אייגס אפן אנדערן געררייצט. גענוג... אצינד קען מען זאגן, קוקט אף אונדז דאס גאנצע פאלק און מיר וואס טוען? מיר זיינען גרייט צו מאכן א שכיטע דא בא זיך...
מאטיושענקא קאן דעם אוילעם. די ווערטער זיינען בא אים פראסטע, פארשטענדלעכע.
— אט דא בא אונדז אפן שיף געפינען זיך בא דריי הונדערט סאציאל־רעמאקראטן... האבן מיר באשטימט אפגעבן אונדזער לעבן פארן פאלק און קעמפן ביזן לעצטן טראפן בלוט. אויב איר האט מוירע צו שיסן וועלן מיר אליין מיט אונדזערע אייגענע הענט אפשיקן צום קייסער אונדזערע הארמאטן... איינס פון די ביידע: אדער איר פארייניקט זיך מיט אונדז, אדער מען וועט אונדז צעשיסן...
ער האט זיין בליק ארייגעשטאכן שארף אין דער מאסע אריין.
— אדער בינדט אונדז און גיט אונדז איבער דער רעגירונג... זי וועט אייך דערפאר מיט מוזיק באגעגענען, מיט אָרדענעס באשענקען... וועמען א בענדל שענקען און וועמען צוויי, און עפשער מאקע גאר א געארגישן...
זיי האבן זיך צעדונערט:
— מען דארף ניט!..
— מיר ווילן ניט!..
— הייסט עס, זייט איר איינשטימיק צו באשיסן די שטאט?
— איינשטימיק!...
שטום געווארן זיינען „די שקורניקעס“, איינגעשטילט געווארן. בייזע פייערלעך שפרינגען פון די אויגן בא זיי, אבער זאגן־וואס, האבן זיי מוירע.
מאטיושענקא טריומפירט. זיינע נערוון — ווי שטאלענע שטריק. וויל ער נאך אמאל אויספרוגן, איבערזיפן דעם אוילאם. און זיין קאל קלינגט מיט כוויזעק:

— עפשער איז עמיצער ניט איינשטימיק?.. איז שעם זיך ניט, באַוואָרנט, זאָג...

ער האָט אַ קרומען שמייכל אַ וואָרף געטאָן אין דעם זייט פון די קאָנדוקטאָרן:

— און עפשער, הייסט עס, ער רעדט, און מיר הערן אים ניט? איז ווער איז פאַר דעם, אַז מען זאָל שיסן, — זאָל אַריבערגיין אַף רעכטס. ווער קעגן — לינקס...

עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַף רעכטס, אַלע ווי איין מענטש. ווי אַ ווינט וואָלט זיי אַראָפּגעבלאָזן.

בא מאַטיושענקען האָט אַ שפּרונג געטאָן דער ברעם:

—— נו, וואָס? האָט איר זיך איבערצייגט אַצינד, וואָס פאַרא שלאַנגען עס געפינען זיך צווישן אייך... הינטער דער פּלייצע, קיינער זאָל ניט באַמערקן, רודערט מען אויף די שיף־קאָמאַנדע, אָבער אַרויסגיין און זאָגן אָפן, קוועטשט, מיין טייערער, אין שוך, דער שרויף האַלט ניט אויס...

עס שווייגן די קאָנדוקטאָרן. עס זיינען שטיל געוואָרן די אונטער־אָפיצירן. מען הערט קיין קלאַנג ניט. מאַטיושענקאָ האָט זיי אויסגעכויזעקט, אויסגעלאַכט.

— אַצינד, ברידער, האַלט זיך פעסט... מאַטיושענקאָ האָט שאַרף איבערגעגעבן דעם טאָן און אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— יעדערער אַף זיין פּאָסטן!..

## שלאכט-אליארם

די מאַטראָסן האָבן זיך פאַנאַנדערגעשאָטן איבערן שיף, ווער וווהין. די הייצער, איבערלאָזנדיק אַפן שיף־דעק שוויים און סאַזשע, שוואַרצע ווי די נעגערס, האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט צו זיך אַפן דעק: מען דאַרף מאַכן דאַמף.

די ווייזערס אַף די מאַנאָמעטערס האָבן זיך אַ צאַפּל געטאָן.

איבער דער מאַשינען־אָפּטיילונג קייקלט זיך:

— דאַמף! דערלאַנגט דאַמף!

די קאָמענדאָרן רייניקן שוואַרץ־ברוינע האַרמאַטן. די שיף־קאָמאַנדע באַגיסט דעם שיף־דעק — עס זאָל פאַרהיטן פאַר אַ סרייפע. די סאַניטאַרן פאַרגרייטן אין לאַזאַרעט בינטן און טראָגבעטלעך.

פינף אַזייגער.

דער טרומייטערער האָט צוגעשטעלט צו זײַנע ליפּן די מעש. פון טרומייט רייסט זיך הילכיק:

טראַ—טאַ—אַ—אַ—טראַ—טאַ—אַ—אַ—אַ...

מען טראָגט זיך איבערן טראַפּ, ווי די פאַרסאַממטע. אַלץ ווערט פאַר־האַקט און צוגעשרויפט. אין דריי מינוט אַרום — אַ מוסטערהאַפטע אָרדענונג. אַלע זײַנען פאַרטאָן, אַלע אויף זייער פּאָסטן. קיין איין איבעריקער מענטש.

אויפן קאַפּיטאַן־בריקל דער סיגנאַליזאַטאָר — דער שיף־עלטסטער ווערדערמייער קוקט אויף דער שטאָט, יענער מיט דער לאַנגער באָרד, וואָס הייסט קיריל, שטייט אויך דאָ. ער ווייזט אָן מיטן פינגער אויפן שטאָט און גיט אַ וואָרף:

— אויפן שטאָט־טעאַטער...

— עס האָבן זיך אָפּגעקירעוועט די אויגן באַם סיגנאַליזאַטאָר, בײַז און פאַלש האָבן זיי געקוקט.

— דערלאַנגט פייער!..

פון דער זעכצנצאָליקער האָט אַ קנאַק געטאָן אַ פוסטער שאָס און נאָך איינער... און אַ דריטער...

אין אַ האַלב שאָ אַרום האָט זיך ווידער צושפּילט דער טרומייט... אַלץ איז ווי אָפּגעשטאָרבן...

אַ העלע ליכט, און טייקעף אַ פאַרטוּיבנדיקער בב—ב—אַ—אַך...

דער סיגנאַליזאַטאָר האָט אַ וואָרף געטאָן שאַרף מיט אַ ניגון:

— פּאַ—אַר—ב—ביי...

ווידער שפּילט דער טרומייט.

אַ שווערער הוד פון אַ זעקס צאָליקן האַרמאַט. ווי אַ כאַיע האָט זיך דער סנאַריאַד צעיאָמערט.

און ווידער דאָס פאַרפלוכטע:

— פּ—פּ—אַר—באַ—ב־יי...

דער ציווילער אויפן בריקל דערפילט, אַז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, אַז ס'איז עפּעס אַ פינסטערע אַרבעט — ס'איז אומיסטן גענומען געוואָרן ניט קיין ריכטיקע אָנצילונג. נאָר ווי אַזוי וועסטו אים קאָנטראָלירן? ניטאָ ווער עס זאָל דאָס דערווייזן — ניטאָ קיין ספּעציאַליסטן. ער האָט שטרייגג אַ קוק געטאָן אויפן סיגנאַליזאַטאָר:

— פאַרוואָס טרעפט איר ניט אין ציל?

יענער האָט געענטפערט גלייך, ניט אַ ציטערטוענדיק אַפילו:

— עס איז נויטיק אַ קאַרטע מיט אַ מאָסשטאַב... מיט אַ פּלאַן...

גיי, מו. מוזט גלויבן. קיין פאַרבינדונג מיט די אָרגאַניזאַציעס איז נימאָ, נימאָ ווער עס זאָל אָנווייזן, קאָרעקטירן. און דערווייל קענסטו צעבראָקן די פרידלעכע איינוווינער.

און פון ברעג די סאָלדאַטן שיקן צייכנס, גיבן ביגנייווע איבער: — „זעצט פאָר באָמבאַרדירן. אינדערפרי פּשרייניקן מיר זיך מיט אייך".

דעם סיגנאַל האָט אופגעכאַפּט ווערעמייער, אָבער דער שיף-קאָמאַנדע האָט ער דאָס ניט איבערגעגעבן.

באַם סיגנאַליזאַטאָר אונטערן שאַרבן טריבלט דער זעלבער געדאַנק וואָס באַ אַליעקסייעוון: „עפשער וועלן זיי זיין מייכל זיין".

די סנאַריאַדן האָבן אין ציל ניט געטראָפן. עס האָט פאַראַטן דער סיגנאַליזאַטאָר, ווער ווייסט ווען ניט ער וואָלט עפשער אַלץ גאָר אַנדערש אוועק.

די פאַמיליע זיינע, דעם פאַרעטערס, איז געווען ווערעמייער. זיין נאָמען — פיאָדאָר.

פאַרגעדיינק עס!..

— — — — — — — — — — — — —

די סנאַריאַדן האָבן ניט דורכגעבראָכן די שטיינערנע ווענט פון שטאָט-טעאַטער, דערפאַר אָבער האָבן זיי איינגעוואַלגערט אַ צווייטע פעסטערע וואַנט — די וואַנט פון דער סאָלדאַטישער קאַזאַרמע.

## בלאָזט דעם דאַמף!..

„פּאָטיאָמקין" האָט איבערגעכאַפּט אַ ראַדיאָ: ערגעץ נאָענט פון דאַנען גייט אַן עסקאַדריליע.

מאַטיושענקאָ האָט אַרויסגעשיקט אַ קאַטיער.

זיין אופגאַבע איז:

„אַרעסטירן די דאַמף-שיף „סמעלי", די שיף-קאָמאַנדע באַזייטיקן. אַוועקזעצן אייגענע. דערנאָך אַוועקשיקן די שיף אַף אויספאָרשונג צום טענדערישן אויסגאַנג".

די אופגאַבע איז אויסגעפילט געוואָרן. די פרעמדע קאָמאַנדע איז באַזייטיקט געוואָרן. ארופגעזעצט אייגענע.

און ס'איז אַוועק די דאַמף-שיף „סמעלי".

אַף „פּאָטיאָמקינען" האָט מען זיך אופגערודערט. באַ פאַרשיידענע מענטשן פאַרשיידענע געדאַנקען. עפּעס האַלט ייך אַלעקסייעוו מאָרגנע. ער ציטערט, דאַכט זיך, דער פּראָפּאָרשטשיק.

עס האָט זיך צוריקגעקערט „סמעלי“ און האָט צווישן געגעבן:
— אפן האָריזאָנט האָבן זיך באַוויזן דריי פּאַנצער־שיפן, א מינען־קרייסער און 4 קאָנטר־מינען־טרעגער.
איבערן שיף:
— אַן עסקאַדריליע... אַן עסקאַדריליע... אַן עסקאַדריליע גייט...
פון קאַפּיטאַן־בריקל אין מאַשין־אָפּטיילונג:
— לאָזט דעם דאַמף!
האָבן זיך אַ שליידער געטאָן די פּאַרברודיקטע הייצערס אונטן אַראָפּ.
האָבן זיך אַרופגעצויגן און צעפלאַטערט אין דער הויך די סיגנאַ־לישע פאָנען:
„דעם דאַמף־קאַטיער און די שליופּקעס — צום טראַפּ“.
מורזאַק האָט אָפּגעגעבן אַ קאָמאַנדע:
— די רודער־שיפלעך און די דאַמף־שיפלעך אַהער אַרופהויבן.
עס האָבן זיך שנעל צעגאָסן די פייפלעך:
עס האָט זיך גענומען גליטשן דער טאַל *...
— טרא—טאַ—טאַ—טרא—טאַ—טאַ—אַ—אַ, — האָט זיך הילכיק צעקלונגען מיט מעשענעם קלאַנג דער טרומייט.
„פּאָטיאָמקין“ איז גרייט אַפילע טייקעף צום שלאַכט. מען שטייט אָנגעשטריינגט, יעדערער אַף זיין אָרט, אין שלאַכט־אָרדענונג.
עס אָקשנט זיך דער דאַמף. קוים וואָס ער רייסט זיך דורך פון די מעשענע רערן...
פון דער הויך פון קאָמאַנדיר־בריקל אַ באַפעל:
— אופהויבן דעם אַנקער!..
אונטן אין מאַשין־אָפּטיילונג זיינען אופגעשפּרונגען די ווייזערס אַף די אָ־סגעשייערטע מעשענע מאַנאָמעטערן...
— שו—ר—רופּ!
עס האָט זיך צעהוקעט די מאַשין, זיכער הויבן זיך די דרייענדיקע הייבערס. עס פינקלען מיט שטאָל די ריזיקע טרייבשטאַנגערס, קלוג ווינקען די קרייצקעפּ.
לייכט, רעגלמעסיק רייבן זיך די מעטאַלענע דיסקן. פּינקטלעך אין מעסיק עטעמט די מאַשין. עס שמעקט מיט מעטאַל און מיט אייל.
רזין, רזין, רזין, רזין!...

* אַ דרייענדיקער בלאָק אַף אופצוהויבן מאַסאָעס אַף שיפן.

אפן גלאַנציק אויסגעשייערטן קופּערנעם דיסק פון דעם מאַשינען־טע־לעגראַף האָט זיך דער זאַפּטיקער שוואַרצער ווייזער אריינגעשטאָכן אינעם אויפשריפט:

„פולן גאַנג"

עס הוקעט די מאַשין.

אונטער די שרויפן — צעשמאָלצענע גרויע וואַסער. הינטער דער קאָרמע ציט זיך ווי אַן עק אַ שוימיקע שלעפּע.

„פּאָטיאָמקין" טראָגט זיך שטאָלץ. דראָענדיק האָבן זיך אָנגעברוי־גערט די האַרמאַטן. עס פלאַטערט אין דער לופטן די צונטער־רויטע פאָן.

אַנטקעגן אים טראָגן זיך די פּאַנצער שיפן:

„דריי סוויאַטיטעלעס", „צוועלף אַפּאָסטאָלן", „געאָרגי פּאָבעדאָנאָ־סיעץ" און „קאַזאַרסקע". עטוואָס ווייטער לויפן נאָך פיר קאָנטר־מינענ־טרעגער.

דורכן דראָטלאָזן טעלעגראַף קומט דער רוף פון אַדמיראַל ווישניע־וועצקען:

„טשערנאָמאָרצעס! מיר זיינען דערשיטערט פון אייערע מאַיסים. אומזיניקע, באַזינט זיך, גיט זיך אונטער און מיר וועלן אייך מויכל זיין".

דער ענטפער:

„אַזוי ווי איר זייט אונדזער נאָענטסטער שעף, בעטן מיר אייך קומען צו אונדז אַפן שיף. מיר גאַראַנטירן אייך אומבאַרירלעכקייט".

איינגעפרעסן האָבן זיך די שיף קאָמאַנדירן מיט זייערע אויגן אין דעם שטאָלענעם ריז.

און „פּאָטיאָמקין" גייט אַלץ מיט דער פריערדיקער שנעלקייט.

עס פינקלט אַף אים אַלץ פון נייקייט. עס באַוועגן זיך די צוועלף־צאָליקע האַרמאַטן. די קאָמאַנדירן ווייסן זיין קריגס־קראַפט. זיין אַרטי־ליעריע — זיבעציק־זעקס האַרמאַטן.

אָט־אָ־דער, — אַז ער וועט אַ שפּיי טאָן...

אַ שוואַכקייט איז באַפאַלן די גאָלד־עפּאָלעטשיקעס. שיפן באַ זיי זיינען אַלטע, אָפּגענוצטע.

אַף פּאָטיאָמקינען באַוועגן זיך בייז די שנוקעס פון די שטאָלענע באַשעפענישן.

אַ שרעק. יעדער רגע קאָנען זיי אַ שפּיי טאָן אַ „פּעקעלע" פון דריי און צוואַנציק פּוד...

אַפן אַדמיראַלישן שיף וואַרט מען. דער אַדמיראַל האָט דורך די ציין אַדורך געזיפּט:

— אכט רומבן אױף רעכטס...
די עסקאַדריליע האָט פאַרקערעװעט צוריק.
— פולן גאַנג...
באַם אַדמיראַל זײַנען אָנגעצונדן די אױגן. ער גײט אַװעק פון בוכטע, ער װיל זײַ אַפּאָנים אין יאַם אַרײַן פאַרפירן. װאָס װײַטער פון ברעג — דאָרטן װאַרט די גאַנצע עסקאַדריליע.
אײַנגעהילט אין שװאַרצן רױך איז די עסקאַדריליע אַװעק.
און אָפן פאַנצער שיף „פּאָטיאָמקין“ האָט מען דעם מיין זײַנעם נים פאַרשטאַנען. און מען האָט טרײַומפירט:
— נו, װאָס, דערשראָקן זיך די אױסװורפן! באַהאַלטן זיך הינטערן האָריזאָנט.
און עס העלפן נים די מײנעם פון די „ציװילע“, אַז מען מוז זײַ אָנ־יאָגן — באַשיסן, נים געבן זײַ די מעגלעכקײט צו פאַרײניקן זיך מים די איבעריקע שיפן. עס פאָלגט זײַ נים דער פּראַפּאָרשטשיק אַלעקסײעװ. באַ אים איז אַן אײגענער גאַנג. באַ דעם פּראַפּאָרשטשיק אַלעקסײעװ אונטערן שאַרבן איז אַן אײגענער ראַיען. עס װיל נים, דער פּראַפּאָרשטשיק, אין יאַם אַרױסגײן. דאָרטן שטײט די איבעריקע עסקאַדריליע. ביז װאַנען ער איז קאָמאַנדיר אױף „פּאָטיאָמקינען“ װעט ער זיך באַמיען אױסמײַדן יעטװידער ריזיקאַלן שרים. עס האָט מוירע, דער פּראַפּאָרשטשיק אַלעקסײעװ, מאָמער טרעפט זיך װאָס, װער װײסט...
האָט ער פאַראָרדנט צוריקקערן זיך אין האַפן. און ער גיט אָפּ אַ קאָמאַנדע:
— פון דער רעכטער בוכטע אַרױסגײן... אַראָפּלאָזן דעם אַנקער!..

## „פּאָטיאָמקין“ אין „רינג“

דער קאָמיטעט אױף „פּאָטיאָמקינען“ פאַרשטײט אױסגעצײכנט, אַז יעדער מינוט קאָן זיך צוריקקערן די עסקאַדריליע אין איר פולן באַשטאַנד.
איבערן שיף גײט אַ באַפעל:
— זײַן גרײט צום שלאַכט.
עס װערט צום צװײטן מאָל באַטראַכט דער אָפּעראַטיװער פּלאַן פון באַגעגעניש מים דער עסקאַדריליע. די שטאַרקע בּרױן־בּראָנזענע מענטשן באַטראַכטן פראַגן פון לעבן און טױט:
— פאָדערן דעם אַדמיראַל אױף אונטערהאַנדלונגען...

— פאָדערן פון אים, אז ער זאָל פאַראָרדענען דער עסקאַדריליע אָפּ־שטעלן זיך.

— אז דער אַדמיראַל ווישניעוועצקי וועט זיין אין אונזערע הענט, דענסטמאָל קען מען אין זיין נאָמען באַפעלן, אז־אַלע אָפיצירן זאָלן קומען צו אונז קלוימערשט אַף אַ זיצונג.

— די דראַקאָנעס אַרעסטירן!... און דאַן זיינען די פאַנצער־שיפן אונדזערע....

— דאָס איז לייכט ווי אַ ביסל וואַסער דערלאַנגען!...

— אָבער אויב דער אַדמיראַל וועט זיך פאַראַקשענען, און וועט ניט וועלן קומען....

— דערלאַנגען זיי פייער!...

— די נעשאָמע פון אים!...

אַלע פאָרשלאָגן ווערן אָנגענומען.

אַפן פּאַס האָבן די אייזנס אויסגעקלאַפּט צוועלף. עס האָט זיך צע־קלונגען און צעקייקלט איבערן שיף:

אַ עסקאַדריליע... אַ עסקאַדריליע גייט...

מאַטיושענקאָ באַפעלט טרוקן:

— שלאַכט־אַליאַרם!..

— טראַ־טאַ־טאַ־טראַ־טאַ־טאַ....

אין איין מאָמענט — פינף מינען־אַפּאַראַטן, זעקס און זיבעציק האַר־מאַטן גרייט. יעדערער אַף זיין אָרט. מען באַגרייפט די גאַנצע ערנסטקייט פון דעם מאָמענט. מען פילט די אייגענע קראַפט. שטאַרק זיינען די מאַט־ראָסישע נערוון.

רויִקע פאַרברוינטע געזיכטער. מען לעבט מיט די אויגן. זיבן הונ־דערט יאַם־לייט שפּירן נאָך שאַרף דעם סוינע. זיבן הונדערט — פאַרור־טיילטע צום טויט.

די עסקאַדריליע רוקט זיך אָן. פאָרויס — די סאַמע קרעפטיקסטע, די סאַמע קרינגס־פייִקע: „ראָסטיסלאַוו“ און די שיף „דריי סוויאַטיטעלעס“. הינטער זיי — די פלינקע מינענטרעגער. אַפן קאַפּיטאַן־בריקל האָט אַ הילך־געטאָן דער טעלעגראַף. דער ווייזער האָט באַוויזן שוואַרץ אַף ווייס:

— פאָרויס שטילער.

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן. זיכער, רויִק. עס האָט נאָכאַמאָל דורכגע־קלונגען. דער ווייזער האָט זיך אַריינגעשטאָכן אין:

— פולער גאַנג.

און „פּאָטיאָמקין“ האָט זיך אַריינגעשניטן דרייסט צווישן די יאַם־שיפן. באַ זיי איז אויך ווי אין קריגסצייט. קיין איין מענטש אַפן אויבער־דעק. באַ „ראָסטיסלאַוו“ אַפן קאַפּיטאַן־בריקל שטייען אַ הייפל מענטשן. אין די הענט—שפּאַקטיוון. עס פינקלען אַקעגן דער זון די גאָלדענע עפּאָ־ליעטן. די ליפּן — שטייף־צונויפגעפּרעסט. די פּנימער — ווייס ווי פּאַפּיר. דער קאָמאַנדאָר פון „פּאָטיאָמקין“ האָט באַפוילן:

— די צוועלף־צאָליקע האַרמאַטן אָנצילן אַף „ראָסטיסלאַוו“ און אַף „דריי סוויאַטיטיעליעס“, די זעקס צאָליקע אַף די אַנדערע שיפן.

די, וואָס שטייען באַ די האַרמאַטן עקבערן מיט די אויגן די פּאַר־בייגייענדיקע שיפן. מען איז אָנגעשטריינגט. עס באַוועגן זיך אָנצילנדיק זיך די לאַנגע שטאָלענע שנוקעס...

לאַנגזאַם קירעווען זיך אויס די זעקס צאָליקע. אָנגעצילעוועט פּינקט־לעך אַף „ראָסטיסלאַוו“ פּונקט קעגן קאַפּיטאַן־בריקל... די, וואָס אַפן בריקל, שיטן זיך אַראָפּ ווי אַרבעס.

אַף „פּאָטיאָמקינען“ איז שטיל. שאַרף הילכן אָפּ די ווערטער פון באַפעל־קאָמאַנדע.

פּאַראָרדענונגען ווערן אויסגעפּילט פּינקטלעך און שנעל.

עס האָבן זיך צעזונגען די אַנטענעס. פון אַדמיראַל אַ ראַדיאָ:

„גאָלדענע שוואַרציאַמער. שיקט צו אויסגעוויילטע צו פירן אונטער־האַנדלונגען אַפן שיף „דריי סוויאַטיטיעליעס“.

האָט מען אָפּגעענטפערט אָט אַזוי:

„מיר וועלן קיין אויסגעוויילטע ניט שיקן, אויב דו ווילסט, קום אַף „פּאָטיאָמקינען“ ריידן מיט אונז“...

עס רוקן זיך אָן די שיפן... מען צילעוועט אָן די האַרמאַטן...

„פּאָטיאָמקין“ איז אַרומגערינגלט אין אַ רינג.

יענע וואָס באַ די האַרמאַטן שלאָפן ניט. לאַנגזאַם באַוועגן זיך די גרויזאַמע רערן־מיילער.

אָט, אָט וועלן זיך צעשרייען, צעפּייפן, און צעקנאַלן די שטאָלענע באַשעפעניש... מיט אַ כאַיעשן געוויין וועלן זיך צעיאָמערן סנאַריאַדן. און ס׳וועט זיך באַפאַרבן מיט רויטע בלוט די ליכטיקע בלוי פון וואַסער

## „פּאָטיאָמקין“ שפּרײַזט גלײַך אַף די שיפן

דער עסקאַדריליע איז געגעבן געוואָרן אַ שווערע אויפגאַבע: אָפּצו־שטעלן „פּאָטיאָמקינען“.

אפן קאַפּיטאַן־בריקל איז מורזאַק. דערזעלבער באַצמאַן „מורזאַק, וועלכן די שיף־קאָמאַנדע פון „פּאָטיאָמקין" האָט אויסגעוויילט פאַר אַ עלטסטן אָפיצער. מורזאַקס האַרץ איז דורכגעזאַפּט מיט זאַלץ פון דורכגעגאַנגענע יאַמען, אָ, ער ווייסט אויסגעצייכנט די קונצשטיק. געווען אַף יאַם־מאַנעוורעס ניט איינמאָל. ער האָט זיך אָנגעשטויסן:

„זיי ווילן פאַרהאַלטן, עס גלוסט זיך זיי נעמען אונדז לעבעדיקער־הייט"... אונטער זיין שאַרבן — אַ פּאַראַקשנטער געדאַנק:

— „איינס פון דיביידע, אָדער מיר גייען אונטער צום דעק, אָדער „ראָסטאָסלאַוו" וועט צעשאָסן ווערן אַף פּיצלעך"...

און דערוויילע רוקט זיך די שטאָלענע באַשעפעניש אַלץ נעענטער און נעענטער...

באַ עמיצן פון די נאָוואָבראַנצעס האָבן די נערוון געפּלאַצט. האָט זיך אַרויסגעריסן אַ הייזעריקער קרעכץ:

— וווּהין טראָגן זיך די שיידים!...

מורזאַק עקבערט און מעסט מיט די אויגן דעם שעטער. אַנטקעגן אים טראָגט זיך די שיף, און ער, ווי ער וואָלט טשעוועקעס געקלאַפּט:

— דו לייגסט, איך וועל ניט אָפּקערן פון וועג. אָדער „ראָסטיסלאַוו" וועט אָפּקערן, אָדער איך וועל אים צעפּיצלען...

אַפן אַדמיראַלישן שיף אַ געלאַף...

און מורזאַק טראָגט זיך אין פולן גאַנג, שפּאַרט אַף אַ דורכבראָך. אָט, אָט, און ער וועט אַ זעץ טאָן. באַ דער שיף־קאָמאַנדע האָט זיך דער אָטעם פאַרטייעט. באַ איינעם פון די נאָוואָבראַנצעס האָט זיך הייזעריק אַרויסגעריסן:

— אַמבאַ...

דעם באָצמאַנס פּאָנים באַשטייט פון בלויז אויגן. ביזן פּלאַצן פון די פינגער האָט ער צונויפגעדריקט די טעלעגראַף־הענטל.

אַף „ראָסטיסלאַוו" זיינען די פּעניִמער ווי מיט ווייסן פּאַפּיר באַדעקט. נאָך אַ רעגע און ס'וועט שוין שפּעט זיין...

דער אַדמיראַל האָט ניט אויסגעהאַלטן. באַ די אַדמיראַלן זיינען די נערוון איידעלע. האָט ער באַפעלן אַראָפּקירעווען פון וועג.

„פּאָטיאָמקין" האָט זיך אַוועקגעטראָגן פאָרויס, דורכגעשניטן זיך דורך דער עסקאַדריליע. נאָך אַ רעגע און ער ווערט אַרומגערינגלט אין אַ שטאָלענעם רינג.

באַ זיין לינקן באָרטן גייען פאַרביי האַרט נאָענט — „ראָסטיסלאַוו", נאָך אים „געאָרגי פּאָביעדאָנאָסיעץ". זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט מיטן

רעכטן באָרטן גלייך. גאָר נאָענט מיטן האַנט צו דערלאַנגען. די שיף־
קאָמאַנדע אַפן אויבער־דעק.

פּלוצלינג:

— הו־ר־ר־אַ־אַ!...

און טייקעף נאָכדעם:

— וואָס זשע קוקט איר אַף זיי? שלאָג זיי די אויסוווּרפן!

— צעבייט זיי אַף קליין־געלט!

— אין וואַסער אַריין!

— אַריבערן באָרטן זיי!

און פון „געאָרגיע" עפּעס אומזיכער:

— זאָל לעבן די רעוואָלוציע...

— אַראָפּ די זעלבסטהערשונג...

„פּאָטיאָמקין" האָט זיך דורכגעריסן. צעשניטן דעם שטאָלענעם רינג...
די קריגס-שיפן פאַרבלייבן אַ הינטער. זיי זייגען שטיין געבליבן.

אַפן טעלעגראַף־בריקל האָט מורזאַק אַ ריס געטאָן די הענטל:

— דזין, — דזין — דזילין — דזין...

אַפן צעצייכנטן דיסק:

— סטאָפּ!..

און עטוואָס שפּעטער:

— שטילער צוריקגאַנג...

ער האָט פאַרשטאַנען, דער קלוגער מורזאַק. ער וויל נים איינשטעלן.
ער קאָן גאָר אַזוי פאַרבלייבן אָן אַ באַזע. און מורזאַק גייט אָפּ נים געאיילט
אַף צוריק קיין אָדעס. און גוט וואָס מיטן צוריקגאַנג, אַזוי איז זיכער.
דער סוינע שלאָפט נים. אָט האָט זיך אַ דריי־אויסגעטאָן די עסקאַדריליע
און געלאָזן זיך מיטן פולן גאַנג אַנטקעגן. עס רוקן זיך אָן די שטאָלענע
לייבער פון די פּאַנצער־שיפן. באַ די זייטן די פלינקע מינענטרעגער.

פּאָטיאָמקין איז ווידער אין אַ רינג.

אין דער געזאַלצענער לופט ווידער:

— הור־ראַ!

די, וואָס שטייען באַ די האַרמאַטן שלאָפן נים, די וואָס באַ די האַר־
מאַטן האָבן זיך איינגעשטאָכן מיט די אויגן, זיי טוען זיך רו:ק זייער
אַרבעט. זיי נעמען אַריין אין פונקטיר־ציל די שיפן. דראָענדיק באַוועגן
זיך די האַרמאַטן. און מען פאָרט ווידער צו צו אָדעס. דער האַפן איז
אַזוי ווי אַפן דלאָניע, מיטן האַנט צו דערלאַנגען.

ס'האָט אופגעפלאַטערט אין דער לופטן און צעבליט זיך מיט פאַר־שיידנקאָלירענע פאָנען אַ סיגנאַל:

— זיי גרייט צום שלאַכט.

און מ'ענטפערט פון אַדמיראַלישן, מיט סיגנאַל־פאָנען:

— „דאָ קען איך קיין שלאַכט נים אָנעמען. ווייל אויב די סגאַריאַדן וועלן פאַרבייפליען וועט ליידן די שטאָט".

און ס'האָט אַ קערעווע נעגעבן די עסקאַדריליע. אַוועקגעלאָזן זיך אין יאַם אריין.

— נים שוין זשע וועט קיינער נים צושטיין?

— מען וואָלט זיי צעשטיקן באַדאַרפט די דראַקאָנעס!..

איינער, וואָס מען רופט אים קאָנסטאַנטין, האָט אַ וואָרף געטאָן:

— נימאָ קיין איניציאַטאָרן!...

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום קאַפּיטאַן־בריקל. איינגעגעסן זיך מיט די אויגן אין מורזאקן און מורזאק אין „געאָרגיען". ער האָט א מורמל געטאָן:

— ער פאַרהאַמעוועט די מאַשין...

דער „ציווילער" פאַרשטייט נים און פרעגט:

— ווער?

— „געאָרגי פּאָביעדאָנאָסיעץ"... זעסט, ער סעמאַפאָרט, — און צו די סיגנאַליזאַטאָרן:

— לייען...

בּאַ די סיגנאַליזאַטאָרן זיינען שפּאַקטיווי־דערן, באַ די סיגנאַליזאַטאָרן איז אַ שאַרפער בליק. זיי כאַפּן אוף, זיי לייענען די סיגנאַלן לאַנגזאַם וואָרט באַ וואָרט:

די קאָ־מאַ־נדע פון „גע־אָ־ר־גי פּאָ־בע־דאָ־נאָ־סיעץ"...

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דער „ציווילער" האָט נים קיין געדולד:

— לעבעדיקער!...

— וואָרט... זעסט זיי גיבן איבער...

שנעל שימירירן די סיגנאַל־פענדלעך.

...וויל — זיך — ...מיט אייך... פאַר־אייני־קן... מיר בעטן... פאָ־טיאָ־מ־קינע ...צו־פאָ־רן צו אונדז...

אַף דער אונטער־דעק האָט זיך צעדונערט:

— הורא־אַ־אַ!

פון „געאָרגי" ווי אַן אָפּקלאַנג:

— הו־ר־אַ־אַ!...

דער וואָס אין ציווילן — צו אַליעקסייעוון:

— פאָרט צו!... מען דאַרף פאַרכאַפּן די עסקאַדריליע... די אָפיצירן וועלן מיר אַרעסטירן.

— איר זייט אַ פרייער, ניט קיין קריגס־מאַן... אין דיראָזיקע זאַכן הויבט איר ניט אָן צו פאַרשטיין. ...און וואָס וועט זיין, אַז זיי וועלן אונדז אונטערוואַרפן אַ מינע? וואָס וועט איר דעמאָלט זאָגן? ביז די אָפיצירן פון „גנעאָרגי" וועלן ניט זיין דאָ, וועל איך אים צו זיך נאָענט ניט צולאָזן...

און ניט געקוקט אַף אַלע אָנשטריינגונגען מיצאַד „גנעאָרגי" ניט זיך אים אַלץ ניט איין צוצוגיין צו „פּאָטיאָמקינען". און עס איז קיין ווונ־דער ניט. אַליעקסייעוו וויל דאָס ניט, ער לאָזט אים ניט צו צו זיך. קלויי־מערשט ער טרויט אים ניט אָן. יעדעס מאָל, ווי „געאָרגי" וויל זיך נאָר דערנעענטערן, גיט אַליעקסייעוו אַ פולן צוריקגאַנג. שוין אַ האַלבע שאָ, אַז „געאָרגי" ראַנגלט זיך אַזוי. און דער אַדמיראַל האָט זיך דערווייל מיט דער עסקאַדריליע אָפּגעטראָגן און דערווייטערט זיך אַלץ מער און מער אין יאַם אַריין. און דאָס אייגנטלעך וויל דאָך דער פּראָפּאָרשטשיק. רעי־וואָליוציע איז אַן אָנשטעקנדיקע זאַך. אַז עס פאַרשלינגט איז — אַמבאַ...

## די „פעלן" רודערן אוף

דער בונט אַף „געאָרגי פּאָבעדאָנאָסיעץ" איז אַזוי פאָרגעקומען:

די שיף־קאָמאַנדע פילט מיט דעם אופשטאַנד. פילט מיט, אָבער צו־שטיין אַנטשליסט זי זיך ניט. האָבן זיך אָפּגעזונדערט עטלעכע מענטשן. יאָמן מוטיקע, אַנטשלאָסענע. האָבן זיי פאַרשטאָפּט די מאַשין. אַפּן קאַ־פּיטאַן־בריקל זיינען די, וואָס אין די עפּאָליעטן, נישטומעם געוואָרן. האָט זיך אופגעהויבן אַ ליאַרעם און פון אַדמיראַלישן קריג־שיף:

— „מיטגיין נאָך מיר".

— „די מאַשין אַרבעט ניט"...

די עסקאַדריליע איז דערווייל אַוועק פאָרויס. די שיף־קאָמאַנדע האָט זיך פאַרלאָרן. פון איין זייט האָט זי זיך שוין אָפּגעריסן פון דער עס־קאַדריליע, פון דער צווייטער זייט — איז דאָ אונטערן נאָז „פּאָטיאָמקין".

אַזוי — שלעכט און אַזוי — ביטער. באַטראַכטן זיך איז שפּעט. אַנט־לויפן איז אומעגלעך. „פּאָטיאָמקין" פאַרמאָגט זיבעציק זעקס האַרמאַטן. וועסטו ווייט ניט אַוועקגיין. ער גיט אַ שפּיי — און אַ סאָף, אויס. מען מוז זיך אונטערגעבן. און זיי גיבן איבער דורכן סעמאַפאָר:

„מיר ווילן זיך פאַרייניקן צו אייך. שיקט צו אַ דאַמף־שיפל צו פאַר־געמען די אָפיצירן. מען דאַרף זיי אַראָפּזעצן אַפּן ברעג".

אַ עקסטרע זיצונג פון דער קאָמיסיע. קיריל און יענער, דער צווייטער האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן אַפּן „267“, אָפּגעריסן זיך פון אָרט, ניט שווינענדיק די מאַשין טראָגן זיי זיך אין פולן גאַנג. זיי שטייען שוין איינס נעבן צווייטן: דער מינענטערענער מיט „געאָרגיען“. פון „געאָרגיען“, פון דער הויך שריים מען אַראָפּ:

— לעבעדיקער!.. צו אונדז!... מיר אַליין קענען זיי ניט בייקומען. די „פעלן“ רודערן־אויף דעם אווילאָם...

— ניט אַלע זיינען מאַסקים...

אַפּן קאַפּיטאַן־בריקל איז שטיל. זיי האָבן זיך פאַרלוירן, דערשראָקן זיך די אָפּיצערלעך. זיי האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אין איין הייפל. די פּענימער — ווייס ווי קרייד. זיי האָבן זיך דערשראָקן. קיריל לאָזט זיך דער ערשטער ווי אַ קאַץ איבערן טראַפּ:

— אין וואָס גייט עס?

— בא אונז איז דאָ אַ פאַרשלעפעניש...

— ליינגסט.

— קיין שום פאַרשלעפעניש איז דאָ ניטאָ.

— ניט דריי קיין ספּאַדעק...

— אומזיסטע קרינערייען...

— שווייג, דו „פעל“!...

דער געלבערדיקער האָט די האַנט אופגעהייבן:

— ברידער!..

מען איז שטיל געוואָרן. ער דערציילט וואָס אַפּן ברעג טוט זיך... ער בעט בא זיי שטיצע... און פאַרענדיקט:

— אַראָפּ די זעלבסטהערשונג!...

— הורראַ־אַ־אַ!...

— פרייהייט, גלייכהייט פאַרן פאָלק!...

אַ פּלוצלינגער קנאַל פון אַ רעוואָלווער שאָס. פון דער הויך פוטעם בריקל האָט עמיצנס קערפּער אַ שווינדל געטאָן אין דער לופטן. דאָס איז דער מינענאָפּיציר אַריבער דעם באָרטן. לייטענאַנט גריגאָרקאָוו האָט ניט געקאָנט די כאַרפּע פאַרטראָגן. דערשאָסן זיך.

אַפּן שיף „געאָרגי פּאָביעדאָנאָסיעץ“ האָט מען אויסגעוויילט אַ שיף־קאָמיסיע.

מען האָט אויסגעקליבן אין איילעניש, ווי עס איז. אַבי אויסגעקליבן. דער באָצמאַן איז דערקלערט געוואָרן פאַר קאָמאַנדיר. ניט געווען פון

וועמען צו קלייבן — ער איז דער איינציקער מענטש, וואָס איז באַהאַנט אין קאָמאַנדע.

אפן פאַנצער־שיף „פאָטיאָמקין" פלאַטערן אין דער לופטן רויטע פאָנען. איינע פאַרבייטן די אַנדערע. זיי סיגנאַליזירן צו „געאָרגיען".

„שטעלן זיך צו אונזער הינטערדעק. אפן אַנקער".

פון „געאָרגיען":

„איך זע דיימלער".

נאָך אביסל און ס'האָט זיך צעהילכט דער קאנאָט פון אַנקער.

פון „פאָטיאָמקינען" זעט זיך וואָס אף „געאָרגיען" טוט זיך. עס זעט זיך ווי אפן דלאָניע. מען וויקלט אראָפּ. עס רוישט. פון באָרטן האָט זיך אָפּגערוקט אַ שליופּקע. אַף דער שליופּקע אַ טייל פון דער שיף־קאָמיסיע. די פענימער אופגערעגטע, שווייסיקע.

— וואָס קומט דאָ פאָר?

— די קאָנדוקטאָרן און די באָצמאַנעס בונטעווען־אוף די שיף קאָמאַנדע....

— דרייען אַ קאָפּ מיט פאַרשיידענע גאָרנישטן...

— וואָס דען, אַז זיי זייגען — „פעל"...

— זיי גיבן צו כיישעק, מען זאָל פאָרן אין סעוואסטאָפּאָל.

— שיקט צו אונז עמיצן פון אייער קאָמיסיע...

— די כאַוויירים קאָוואַלענקאָ און קירילן שיקט ספּעציעל.

— מען האָט באַדאַרפט שיקן נאָך עמיצן פון די יאַטן...

— נו, זאָל זיין! ס'וועט זיין גענוג...

זיי זיינען אריינגעשפּרונגען אין דער שליופּקע.

— שטופּ זיך אריין!...

צונעשיפּט צום טראַפּ... געלאָזט זיך לויפן, שפּרינגען איבער צוויי טרעפּ. דער „ציווילער" אין אַדמיראַל־צימער. אַנגערויכערט. פּאַפּיראָסן אין די ציין. קאָסטבאַרע סיגאַרעטן. מען האָט זיך דערערעדט ביז כאַלאָשעס. אַנגעפּאַקט מיט אוילעם. אין צענטער—דער באָצמאַן. אַ קורצער, ברייטע פּירקאַנטיקע פּלייצעס. אונטערן בוללאַט זיינען אופגעבלאָזן די מוסקולעס. אַ פעסטער, אַ שטייפער, אינגאַנצן ווי פון אַלטן דעמב אויסגעהאַקט. דאָס פּאָנים פרעך. אַ צוגעפּלעטשטע, קאָרפּאַטע נאָז. אין די אויגן עפּעס כאַיעשעס.

— איר אַגיטירט פאַר אונטערגעבן זיך?

ער האָט אַ קוק געטאָן פון אונטערן שטערן און אַ שליידער געטאָן:

— ווי מיט אייער דייגע?..

— פֿאַרגעסט זיך ניט. מיר האָבן פֿיינט שפּאַסן...

דער באָצמאַן אָבער פֿאַרלירט זיך ניט אַזוי גיך. באַם באָצמאַן זיינען שטייפֿע נערוון. דורך זיין שטייפֿער פֿאַרברויגטקייט לייכט זיך בייזקייט. איינגעהאַלטן דורך די ציין:

— אויב איך בין אייך ניט געפֿעלן, שיקט מיך אָפּ אָפֿן ברעג...

באַם „ציווילן" אין די הענט — אַ רעוואָלווער. ער האָט אַ קלער־נעמאָן: „די שיף־קאָמאַנדע איז ניט קיין זיכערע... איינרייצן — האָט ניט קיין זינען". זאָגט ער טרוקן, ניט אופהויבנדיק זיין שטים:

— מען וועט אייך אָפּשיקן, ווען מיר וועלן עס געפֿינען פֿאַר גייטיק... און צו אָפֿן ברעג צו קאָפּ אַ קאָל — דאָס וועלן מיר דערגאָך זען...

אַפֿן שיף־דעק—אַ גערויש, אַ געפּילדער. איינער הערט ניט דעם צווייטן. וואָס דען — די „פּעלן" האָבן ניט גערעמלט, אופגעהעצט די יאַטן. די שיף־קאָמאַנדע האָט זיך צעשפּאָלטן אָף צווייען.

איין טייל פּילדערט:

— אין סעוו־אַסטאָ־פּאָל!..

די אַנדערע:

— מיר זיינען מיט „פּאָטיאָמקינען"... ווהין זיי... אַהין מיר...

— אין סעוואסטאָפּאָל און אַ סאָף זאָל עס נעמען.

— דער, וואָס מיט דער נעלער באָרד, כריפּעט:

— כאַווײרים... אין סעוואסטאָפּאָל וועט מען אייך אופהענגען ווי בונטאַרעס...

קאַוואַליענקאָ איז אַרופגעשפּרונגען אַפֿן קאַפּיטאַן־בריקל:

— כאַווײרים! באַ אייך איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג: אָדער צו־שטיין צו אונז...

— אין סע־וואַס־טאָ־פּאָל!...

— זאָל מען געבן קוילן!...

— פֿון הונגער דאָ אויסגיין!...

— קיין שפּייז שיקט מען ניט צו!...

— כאַווײרים, איר האָט אַן איינענע קאָמיסיע!...

— אַ קאָמיסיע? וואָס איז פֿון איר די פּולע.

— איר האָט דאָך זי אַליין אויסגעוויילט!...

אַף „פּאָטיאָמקינען" האָט מען זיך אָנגעשטויסן: אַף „געאָרגיען" קומט עפּעס פֿאָר. די סיגנאַליזאַטאָרן האָבן פֿאַראָרדנט איבערגעבן דורך די סעמאַפֿאָרן און זיי באַוויזן קוים איבערצוגעבן. שנעל שטעמערירן די רויטע פֿענדלעך:

„די קאָמיסיע פאָדערט דעם קאָמאַנדיר“.
דער באָצמאַן איילט זיך נישט. ער כאַפּט אַ ציטער.
אין דער אַדמיראַלישער קאָמיסיע באַטראַכט מען די לאַגע.
עס איז קלאָר און פאַרשטענדלעך. ווייטער קען דאָס זיך נישט ציען. עס איז גייטיק:
אַ ענערגישע פּראָפּאַגאַנדע, נישט אויף אַ שאָ און נישט אויף צוויי.
די שיף־קאָמאַנדע אויף „געאָרגי“ וואַקלט זיך... די „פּעל“ פירן אָן אַגיטאַציע פאַר אונטערגעבן זיך... וואַרפן אָן אַ פּאַניק... דער באָצמאַן און די קאָנדוקטאָרן פאָדערן, מען זאָל זיי אַראָפּפירן צום ברעג...
— זיי ציטערן, די הינטישע זין!...
— כאַווײַרים... מען דאַרף אַהין אַוועקשיקן מענטשן מיט פרישע קויכעס, זאָל מען צושיקן פון דער יאַבאָשע...
— ס'פאַרשטייט זיך — די „ציווילע“ זיינען הייזעריק געוואָרן... דרייטעג נאָכאַנאַנד, אַז זיי שרייען...
— מאַטיושענקאָ האָט זיך אונטערגעריסן, שרייענדיק... הערסט, ווי ער כריפּעט...
— שוין גענוג, ווער עס זאָל ריידן... זאָל די אָרגאַניזאַציע צושיקן נאָך נייע כאַווײַרים. זאָלן זיי אָן אַגיטיר טאָן...
— כאַווײַרים, מען לייגט פאָר: ביז וואָס ווען, שיקן דערווייַלע אויף „געאָרגי“ דעם דאָקטער גאַליענקאָ, קירילן און קאָוואַליענקאָן, דעם סטודענט — שיקן אויפן ברעג נאָך פרישע קרעפטן...
— אָנגענומען!...
פון די הינטערשטע רייען:
— אַך, מענגוואָלים אַזעלכע!!!
מען האָט זיך אָבער נישט באַלד אָנגעשטויסן, וואָס דאָס באַטייט.
— וואָס איז דיר פאַרגאַנגען אין עק?
— ער איז נאָך ברוגעז!... פריער פאַר אַלץ האָט מען נעדאַרפט אַלע „פּעל“ צוזאַמען מיט די דראַקאָנעס אַראָפּזעצן אויפן ברעג...
— וואָס עמעס איז עמעס!...
— וואָס איז דאָ צו טייגען? פאַרשלאָפן...
— אויסוווּרפן!.. האָבן זיך געמושטירט...
— אַ שאָד וואָס מיר האָבן זיי נישט אויסגעהאַרגעט...
— וואָס האָסטו זיך צעהאַווקעט?!
— מיר האָבן מוירע געהאַט, אַז מיט דעם וועלן מיר אַלץ איבערפירן.

— אַן אומבאַוווּסטזיניקע אומע...

יענער, דער שוואַרצביינעוודיקער סטודענט, האָט אויסגעשריען:

— כאַווײרים! איך רעכן, אַז מיר קענען נאָך דעם טאָעס פּאַריכטן. חאָרים אויב ניט, וועלן זיי דעזאָרגאַניזירן די שיף־קאָמאַנדע...

קיריל גיט צו:

— אַצינד, כאַווײרים, לייג איך פאָר שיקן אַ דעפּוטאַציע און אַ באַ־האָפנטע וואך אַף צו אַרעסטירן די קאָנדוקטאָרן און ברייננען זיי אַהער...

דער ברייט פּאָנעמדיקער איז הייזעריק:

— אָבער וועמען ווע‏סטו שיקן?

— קירילן... קירילן...

— זאָל ער דערקלערן די נעאָרגיעוועטעם — ווי אַזוי און וואָס...

— ריכטיק!...

— קיריל זאָגט זיך אָפּ!

— ער קאָן ניט.

— כאַווײרים. איך בין ניט אימשטאַנד... איר הערט דאָך, איך בין אינגאַנצן הייזעריק... מען הערט דאָך ניט מיין שטים אַף אַ שטרעקע פון דריי שפאַן...

— מאַטיושענקען!...

— שפאַן, אַפאָניע!...

— זאָג זיך ניט אָפּ!...

— איך בין ניט... כריפּעט דער ברייטפּאָנימדיקער. מען הערט קוים וואָס ער רעדט. זיין שטים איז אינגאַנצן געפאַלן.

מיט אַ דינינק קעלבעלע, עפּעס ווי אומזיכער:

— ברידערלעך!... ווי מיינט איר, אַז איך זאָל פאָרן צו זיי... עמעס איך בין ניט קיין רעדנער... אָבער...

— איידאַ, דעם דאָקטער...

— נישקאָשע זאָל ער זיי איבעררײדן...

— פאָרט עפּעס, — אין אַ אָפיצערישן מונדיר...

דער „ציווילער" האָט אַ זאָג געטאָן:

— דרינגונג שיקט מיט אים מיט. — ער האָט אַ טראַכט געטאָן און נעזאָגט: „אַזוי וועט זיכערער זיין".

— מען האָט באַדאַרפט נאָך עמיצן צוגעבן צוהילף...

— עס וועט געגוג זיין! צוליב וואָס טרייבן מענטשן אומזיסט, ס'איז באַ אונז אַליין ווייניק.

— פיר מענטשן נענעבן — און גענוג...

— ווינציקלעך...
— מען וועט זיי נאָך אַרעסטירן...
— ס'איז נאָר וויכטיק צוציען די שיף־קאָמאַנדע אַף אונדזער זייט. אָבער נים אַזוי מיינט דער דאָקטער.

## דער דאָקטער באַמיט זיך צו ראַטעווען די אייגענע פעל

אַפן שיף „געאָרגי" וואַרט מען אַף די פּאָטיאָמקינער און מען קען זיך נים דערוואַרטן.

צים זיך איבערן טראָפּ אַ קליין נישטיק פיגורל. היגטער אים גייען נאָך דריי. דאָס איז דער דאָקטער גאָליענקאָ. וואָס ווילן זיי דאָס דערציילן? פּלוצלינג פון בריקל:

— אָט וואָס, ברידערלעך... די שיף־קאָמאַנדע פון „פּאָטיאָמקינען" וויל זיך אונטערגעבן... יעדנפאַלס דער גרעסטער טייל פון זיי... זיי בעטן אייך, איר זאָלט מיטגיין מיט זיי קיין סעוואַסטאָפּאָל...

פאַרווּנדערט זייגען די, וואָס גייען מיט מיט אים פון „פּאָטיאָמ־קינען". געפּלעפּט געוואָרן איז מען אַף „געאָרגי". קיינער האָט אַף עפּעס ענלעכעס נים געוואַרט. אַ רעגע... און דער מאַטראָס זאַולישניעוו, איינער פון די דריי, וואָס זיינען מיטגעקומען מיטן דאָקטער האָט אויס־געשריען:

— ער ליינט!... גלויבט נים, כאַווירים...

עמיצער האָט זיך בייז אָפּגערופן:

— וואָס זאָלן מיר נים גלויבן — דער מענטש רעדט ריכטיקע רייד..

עמיצער פון די קאָנדוקטאָרן:

— עס גלוסט זיך דיר אַפן שטריק זיך באָמבלען...

— אַלץ וואָס ער רעדט איז קאָזעוו וועשעקער!..

דער דאָקטער וויל אַריבערשרייען:

— דאָרטן זיינען נאָר עטלעכע מענטשן פאַרבליבן, וואָס זיינען פאַר־אָקשנט... זיי האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט אין זייערע הענט ...הייגט מאָרגן — וועט זיי די שיף־קאָמאַנדע אַרעסטירן... אַז מיר ווילן די פּאַנ־צער־שיף אומקערן דער מאַכט און אָפּגהאַרציק כאַראָטע האָבן אַף אונזערע זינד, ד. ה. אַז מיר ווילן אַרויסגעבן די בונטאַרעס, וועט מען אונז דעמאָלט עפּשער מויכל זיין.

פאַרגליווערט געוואָרן איז די שיף־קאָמאַנדע. ווייסן נים, ווי אַזוי זאָלן זיי זיך האַלטן...

— כּאַווײרים, באַדײנקט זיך, קומט צו זיך! דערמאָנט זיך וואָס איר טוט... אַ שטים אַ הילכיקס, אַ דײטלעכס. דאָס איז דער מאַטראָס דײ־גינגאַ...
און עמיצער פון די באָצמאַנעס:
— שװײג, דו היצל! פאַרפירט די שיף־קאָמאַנדע...
— סיצילים פאַרפלוכטע!...
— יאַטן, הײדאַ אַפן ברעג...
— אין סעוואַסטאָפּאָל!...
— מיר זײנען מיט „פּאָטיאָמקינען".
— אַף וואָסער שעד דאַרפן מיר אים!...
— בא אונז איז אַן אײגענע אָנפירונג!...
און פון בריקל גליטשן זיך כניפּעדיקע רײד:
— בראַטצי, זענט איר אײנשטימיק צו זײן זעלבשטענדיק?...
— אײנ־שטימי־טיק...
דער דאָקטער דרעמלט ניט. ער האָט באַנומען זײער שטימונג. ער האָט אַ קװיטשע געטאָן אין דער געדיכטעניש פון די בלויע קאָלנערלעך:
— כּאַווײרים, מיר גײען אין סעוואַסטאָפּאָל...
— ממי־ר גײ־ײ־ען!... אײנ־שטי־מיק!... און פּלוצלונג אומדערוואַרט:
— אָבער צוזאַמען מיט „פּאָטיאָמקינען"!
לײגט דער דאָקטער צו זײנע אויסגעצערטלטע װײסע הענט צום מויל און שרײט אויס הילכיק אַף אַ פּאַלצעט:
— וואָס פאַר אַ שײכעס האָט צו אונז „פּאָטיאָמקין"... בא אײך איז דאָך אַן אײגענע אָנפירונג... אויב די פּאָטיאָמקינער װעלן כײשעק האָבן, זאָלן זײ גײן נאָך אונז, און ניט מיר נאָך זײ....
דער, וואָס איז פון פּאָטיאָמקינען געשיקט אַהער — זאַוּלישניעוו — האָט אויסגעשריען מיט אַ קופּער־קלינגענדיקן קאָל:
— כּאַווײרים!... דער דאָקטער װיל אַף אַזאַ אויפן פאַרהיטן זײן אײ־גענע פעל... אײך װעט ער פאַרקויפן... איר װעט נאָכדעם דערמאָנען מײנע ווערטער...
אַ ראַעש, אַ געפּילדער. אַרום און אַרום טומלט. און דער דאָקטער טוט זיך זײנס. ער נוצט אויס די געלעגנהײט. שטילערהײט, בינגײיווע, רעדט ער זיך אויף. מען גיט אָפּ אַ פאַראָרדענונג:
— אַראָפּנעמען זיך פון אַנקער..
די קאָנדוקטאָרן, די באָצמאַנעס אײלן. קײנער האָט זיך ניט אומגע־קוקט, ניט באַמערקט, װי אַזוי מען האָט אַרופגעהויבן דעם אַנקער. מען

האָט זיך אַרומגעקוקט ווען עס איז שוין שפּעט געווען. „געאָרגי“ האָט זיך שוין צעוויגט און גייט אַרום אין יאַם אַריין...

אַפן טעלעגראַף־דיסק:

„פולן גאַנג“.

פלינק אַפן קאַפּיטאַן־בריקל... צום שטורעם־וואַל.

— רעכטס!... געענטער צו „פּאָטיאָמקינען“...

— צו וואָסער טייוול... נעם זיך לינקס!... לינקס, זאָג איך!... לינקס... אַניט כאַפּסטו בא מיר איבערן... שנאָבל...

עמיצער האָט אַרויסגעריסן דעם שטורמוואַל. אַוועקלייגט רעכטס אַפן באָרטן...

— אין סעוואַסטאָפּאָל!... און כאַפּט עס דער רועדער און אַ סאָף אַן עק...

די מאַשין האָט אויך גענומען אַריבערגיין פון האַנט צו האַנט.

אַפן דיסק פון מאַשינען־טעלעגראַף:

— פאָרויס. פולן גאַנג.

און אין אַ רעגע אַרום:

— סטאָפּ:

— צוריק.

און ווידער איבער אַ ניים:

— פאָרויס פולן גאַנג.

„געאָרגי פּאָבעדאָנאָסיעץ“ איז אַרויסגעגאַנגען.

## שלאָג זיי, די פּאַרטעטער!

אַף „פּאָטיאָמקינען“ ווערט פאַרענדיקט די אופראַמונג פונעם אויבער־דעק.

פידאָפּרי־האָרא איז אַריינגעפאַלן אין אַדמיראַל־צימער — ווי אַ באָמבע:

—מאַטיושענקאָ!...

ער האָט זיך פאַרבלינעט, דער מאַטראָס, ער כאַפּט קוים דעם אָטעם.

— „געאָרגי“ האָט זיך פון אַנקער אָראָפּגענומען... אַוועק אין סע־וואַסטאָפּאָל... גיבן איבער דורכן סעמאָפאָר, אַז מיר זאָלן זיי נאָכטאָן...

באַם סטודענט זייגען ווייס געוואָרן די ליפּן. ער האָט ביי׳ז אַ וואָרף געטאָן:

— איך ווייס ווען קוגצן דאָס איז.

באַ דעם ברייטפּענימדיקן איז אופגעשפּרונגען די ברעם. ער האָט אַ סקריפּ געטאָן מיט די ציין:

— אַד... הינטישער זון. ער מיינט דאָך שאַפן באַ אונז אַ פּאַניק... די קאָנדוקטאָרן, מיינט ער, וועלן צושטיין... וואַרט ברודערקע, איך וועל דיר ווייזן סעוואַסטאָפּאָל!...

ער איז אַרויסגעשפּרונגען אין דער הויך. האָט זיך אַרומגעקוקט. ער זעט „געאָרגי" שווימט אָפּ. פון קוימענס — אַ שוואַרצע פּאַטלע רויך. אין דער קאַטשעהאַרקע שורירט מען...

אַפן שיף־דעק — אַ בינען־געררויש פון אַ מאַכנע בלויע קעלנערלעך.

— אויסוואַרפן!

— פאַרקויפן די אייגענע!

— פאַרלאָזן אַף גאָטס באַראָט...

— פאַרעטער!...

— האָבן זיך דערשראָקן פאַר נאַטשאַלסטווע...

— מיינען — מען וועט זיי מויכל זיין...

— אַלץ איינס סיביר—קאַטאָרגע...

— אַלעמען וועלן זיי ניט צעהענגען...

— ווילן אָפּגעבן דעם פּאַנצער־שיף...

— מאַטיושענקאָ!... וואָס וועלן מיר זיי קוקן, די נעפּאַשעס, אין די ציין אַריין. שלאָג זיי פון די האַרמאַטן!

— איר לייגט הינטישע נעשאָמעס:... איר וועט פון אונז ניט אַוועק...

— און ווער טוט דאָס אַלץ, דאָס זיינען אַלץ טאָקע זיי, די „פּעל", זיי רודערן דאָס אַלץ אויף, אויסוואַרפן...

— פאַרהאַלטן „געאָרגיען".

— מיר וועלן אייך באַווייזן סעוואַסטאָפּאָל...

באַ דעם קליינעם מינען־בריקל כריפּעט מאַטיושענקאָ:

— כאַווירים! דער דאָקטער האָט אונז פאַראַטן... זיי ווילן „געאָר־גיען" איבערגעבן דער זעלבסטהערשונג...

עס האָט אָפּגעדונערט:

— מיר ווע־לֿ־ן ניט אָפּ־גע־בן!...

— וואָס איז דאָ צו קוקן!... קנאַק איבער די פאַרעטער!..

דער ברייט־פּאָנימדיקער האָט אופגעהויבן די האַנט: זאָל ער אַ ביסל אָפּגיין — אַזוי אַף אַ מייל פינף. וויַט וועלן מיר זיי ניט אַוועקלאָזן... מיר וועלן דעריאָגן... די באָצמאַנעס און די קאָנדוקטאָרן וועלן מיר בינדן. אַ מייל פון אונדזער קאָמאַנדע וועט אַריבער אַף „געאָרגיען" און זייערע

צו אונדז... אַז עס וועט קיין מענטשן ניט קלעקן וועלן מיר אַליין טראָגן די וואַר...

— ריכטיק!...

— עמעס!...

— מיר זיינען גרייט צו אַרבעטן טאָג און נאַכט, אָבער „געאָרגי" וועלן מיר ניט אָפּגעבן...

מאַטיושענקאָ האָט זיך אַ בייזער געטאָן, און מיטן פויסט:

— איך וועל אייך באַווייזן סעוואַסטאָפּאָל!...

ער האָט אַ קאָמאַנדע געטאָן:—אַלע אַרויף! אַראָפּנעמען זיך פון אַנקער! און אין אַ מינוט אַרום:

— שלאַכט-אַ ליאַרם!...

רייצנדיק האָט זיך די מעש צעקלונגען. עס האָבן זיך אויפגעכאַפּט די האַרמאַטן. עס האָבן זיך באַוועגן געגומטען און עס זיינען אויפגעשפּרונגען די העלזער פון די צוועלף-צאָליקע באַשעפענישן. זיי זיינען אויפגעשפּרונגען און אָנגעשטעלט זיך מיט די גרויזאַמע מיילער אַף די פּאַרעטער. עס עגבערן די מעכטיקע שרויפן, זיי עקבערן און שוימען-אויף די בלויע טיף. דער שטאָלענער ריז יאָגט אָן. „געאָרגיע". נאָך אַ רעגע — און ס'וועלן זיך צעפּייפן און צעיאָמערן די סנאַריאַדן.

אַף „געאָרגי פּאָבעדאָנאָסיעץ" האָט זיך צעפלאַטערט אַ פאָן-סיגנאַל: „איך קער זיך אום צוריק".

אַף „פּאָטיאָמקינען" האָט מען זיך שטורמיש פאַנאַנדערגעלאַכט:

— נו וואָס, אָפּגעפאַלן דער כיישעק!.. דערשראָקן זיך, ווערימדיקע אויסוואורפן!...

דער באַווּסטזיין פון קראַפט, פון דער אייגענער מאַכט לייבט זיך אַף זייערע פאַרברוינטע געזיכטער.

— טו נאָר אַ קוק, זע, ער שווימט מיטן פולן גאַנג...

— וואָס זע שטעלט ער זיך ניט צו?..

— שוין צייט פאַרהאַלטן אַביסל דעם גאַנג...

— ער קערעוועט זיך, ער פאַרקערעוועט אין האַפן...

— וואָס טוען זיי דאָס?.. אַ?...

— אַך, איר אויסוואורפן!

— זיי ווילן זיך אַוועקזעצן אַף אַ זאַמד-באַנק.

— אַ-אַ-אַ-אַ — האָט זיך דורכגעטראָגן איבערן שיף-דעק...

„געאָרגי" האָט זיך אין פולן לויף איינגעגראָבן מיטן נאָז אין זאַמד.

— — — — — — — — — — — —

עס איז פאָרגעקומען אַזוינס, אַף וואָס מען האָט זיך אין קיין פאַל ניט געקאָנט ריכטן. „געאָרגי“ האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אַף דער זייט פון דער רעגירונג. ער האָט זיך אומיסטן, באַוווּסטזיניק אַ וואָרף געטאָן אַף אַ זאַמד־באַנק ניט ווייט פונם מאָל. אַדאַנק דעמדאָזיקן פאַראַט איז אין סאַמע קריטישן מאָמענט פאַרן צאַריזם דער שטאָלענער ריז מיט אַ מעכטיקע אַרטילעריע, מיט אַ גאַנצער יאַם־פעסטונג אַריבערגעגאַנגען אַף דער זייט פון דער רעגירונג.

אַפן ברעג, אין די מיליטער־שטאַבן טריומפירט מען. עס איז זייער לייכט איבערן מאָל אַריבערצוּוואַרפן אַהין מיליטער. מען דאַרף נאָר פאַרכאַפן די הארמאַטן פון „געאָרגי“. און דאַן איז „פּאָטיאָמקין“ שוין ניט געפערלעך. מען קען אַרויסרופן אַן עסקאַדראָן און באַשיסן די מויער־דים פון ביידע זייטן. דאָס אַלץ ווערט אויך געגומען אין אַכט אַף „פּאָ־טיאָמקינען“.

די לאַגע ווערט געפערלעך. די מענטשן, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג פול געווען מיט ענטוזיאַזם, מיט דער באַגייסטערונג פון זייער אייגענער קראַמפּט — האָבן זיך איצט פאַרלאָרן. אַף „פּאָטיאָמקינען“ איז ניט געווען קיין פירער. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל נעמען די איניציאַטיוו אין די אייגענע הענט. די מאַסע גייט נאָך די שטאַרקע און איניציאַטיווּפולע. אַפן ברעג אין שלאַכט־קאָמיטעט איז געווען אָנשטאָט מאַיסים — רייד. קאָנסטאַנטין און קיריל טראָגן זיך אַרום איבערן שיף־דעק — זוכן אַרום אַלעקסייעוון. קאָנסטאַנטין איז ניט קיין מיליטער־מענטש. ער איז אָבער אַ רעוואָלוציאָנער. ער פאַרשטייט. אין מויעך באַ אים איז דייטלעך און קלאָר: „פריער פאַר אַלץ דאַרף מען שיקן דעם מינענטרעגער „267“ צו „געאָרגיען“. אַרעסטירן די „פעל“. באַ די הארמאַטן אַוועקשטעלן אייגענע מענטשן. אַפן רעיד שטייען דאַמף־שיפן — מען דאַרף זיי פאַראָרדענען אַראָפּציען „געאָרגיען“ פון דער טריקעניש. פון „פּאָטיאָמקינען“ דאַרף מען אָנצילעווען די הארמאַטן און ניט דערלאָזן אַז דאָס מיליטער פון שטאָט זאָל זיך קאָנען פאַרייניקן מיט „געאָרגיען“.

אָבער אומזיסט זוכט קאָנסטאַנטין: נישטאָ דער פראָפּאָרשטשיק, פאַר־שוונדן, ווי ער וואָלט דורך דער ערד דורכגעפאַלן. ער באַגעגנט דעם געלבערדיקן:

— פאַר וואָס טוען זיי גאָרניט?.. דאָס איז דאָך אַ פאַרברעכן! ווו איז אַליעקסייעוו?

קאָנסטאַנטין ענטפערט בייז:

— שֵׁיידים ווייסן אים! איך זוך אים אַרום אומעטום...

פּלוצלונג פון ערגעץ פון שפּאַרדעק:

— קיין רו=מע=ני=ע!...

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. פון צווייטן ברעג:

— קיין רו=מ=ע=נ=י=ע!...

און פון ערגעץ אַ הינטער:

— קיין רו=מע=ני=ע!

עס לויפן אַרום די מאַטראָסן און טראָגן אָן אַ פּאַניק. פון אַלע זייטן:

— קיין רומעניע! קיין רומעניע!

קיריל צופּט נערוועז זיין געל בערדל און כריפּעט:

— איך וויים וועמענס קונץ דאָס איז, ווו איז אַליעקסייעוו?...

מענטשן לויפן אַרום ווי די מעשוגענע און ער שווייגט... פאַרוואָס שווייגט ער? ווו איז ער אַהינגעקומען? פאַרוואָס שטעלט ער ניט אויף די אָרדע-נונג. איינע אָדער צוויי זאַכלעכע באַפעלן זיינע, און אַלץ וואָלט געווען אין אָרדענונג... איך וויים, אַז אָט דאָס טאַקע וויל ער.

קאָנסטאַנטין האָט זיך אַרויסגעריסן פון אים און גייענדיק אַ וואָרף געטאָן:

— דערנאָך...

ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אַ הייפל מאַטראָסן:

— ברידער, כאַוויירים! וואָס ווילט איר טאָן?... איר דערהאַרגעט דאָך דעם גאַנצן אופּטו!..

ניט באַוויזן ענדיקן. מען האָט אים אַרומגערינגלט. מען סטראַשעט אים מיט די פויסטן. איינער האָט אים אַ טרייסל געטאָן פאַרן קאָלנער. אַ שטאַרקער אָרעם, געשוואָלענע אָדערן. די אָדערדיקע פּאַטיליצע אין רויטן בראָנז, צעקאָכטע אויגן. ער האָט אַ הוקע געטאָן:

— דו, וואָס דאַרפסטו?... אַף וואָס שטויסטו אונדז=אָן? ווזהין פיר=סטו?... דו ווילסט, מען זאָל אונדז דערטרינקען אייניציקווייס?... נו, זאָג, רייד!...

עס האָט זיך אַ ריס געטאָן, דער סטודענט, האָט אַ וואָרף געטאָן מיט קייעך:

— שווייג, פאַרעטער!... איר, וואָס האָט באַקומען מיט אַזאַ פּרייז...

נאָר דאָ איז צוגעלאָפן דימטשענקאָ, די היטל אָפן פּאַטיליצע, די ליענטעס פלאַטערן אָפן ווינט. ער האָט אים אָפּגערופן אָן אַ זייט:

— לאָז געטאַר, קיסטיאַטין... לאָז אָפּ!...

עס לויפט אָן פון ערגעץ קיריל. אַ רויטער, אַ פאַרשוויצטער:

אַפּלאָזן? איז דען מעגלעך אַצינד אָפּלאָזן?!

און דער מאַטראָס רעדט זיי איַין:

— כאַווייִרים, לאָזט, זאָג איך אייך... אַז איך זאָג — ווייס איך — איצטער איז דאָס אַלץ איינס ווי אין וואַסער אַרויסגעוואָרפן... איר וועט זיי אַציגד ניט איבערייִדן... איר וועט נאָר זיך אַליין באַגראָבן... מאָרגן וועלן זיי זיך אַרומזען... און מיר וועלן אונזערס צוריקנעמען... אַז איר וועט צו שטאַרק אָנקוועטשן... קענט איר אַלץ כאָרעוו מאַכן...

דער סטודענט האָט ברייט די אויגן געעפנט — פאַראַן פון וואָס צו פאַרווונדערט זיין. ווי מען וואָלט אים מיט אַ שייט האָלץ איבערן שאַרבן געגעבן. מאַטיושענקאָ — דער אַטאַמאַן, מאַטיושענקאָ דער רויטער אַד־מיראַל וואַרפט אינעם גרינגעם רויש פון די כוואַליעס און אינעם ווילדן געפילדער פונם האַמוין צוזאַמען מיט אַנדערע דיזעלבע אומבעראַכמאַ־נעסדיקע ווערטער:

— קיין רו־מע־ני־ע!..

קיריל האָט אַרויסגעפּלאַצט:

— מאַטיושענקאָ! אַפּאַנאַסי? ביסטו באַם זינען? באַדיינק זיך! דו כאָטש שאַף ניט קיין פּאַניק!... אַפּאַניע, אַף אונדזער געוויסן זיינען די 600 אַרבעטער וואָס זיינען אומגעקומען אין האַפן... אַפּאַניע, נעם זיך אין די הענט!...

אינעם הייזעריקן קאָל פון דעם מאַטראָס איז מעשונאַעס. מאַטיו־שענקאָ האָט דעם קאָפּ פאַרלאָרן:

— און מיט אייך איז וואָס? דער מאָגן אָפּגעשוואַכט?... איר האָט מוירע פאַר דער אייגענער פעל? איר ציטערט?... וועל איך אייך באַלד אַפּן ברעג אַרויסזעצן....

פאַרגעסן האָט קיריל, אַז מאַטיושענקאָ איז ניט קיין פירער. אַז ער איז נאָר אַ העלד, אַ מאַטראָס. און די פּאַניק וואַקסט דערווייל און וואַקסט. די „פעל" האָבן אויסגעקליבן אַ פּאַסיקן מאָמענט. אַן עמעסער דורכפאַל.

אין הייצערייַ לאָזט מען דעם דאַמף. אפן שיף־דעק אייסעקט מען זיך מיטן אַנקער. באַלד וועלן זיך פּאַנאַנדערוויקלען די שטאָלענע מוסקולן פון דער מאַשין.

באַם סטודענט פאַרציט זיך דער פּאָנים מיט אַ כמאַרע. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מורזאַקן:

— דאַרפן אַף „געאָרגיען" זיינען דאָך פאַרבליבן אונזעריקע... דאַרפן איז דאָך דער דאָקטער גאַליענקאָ. מען טאָר דאָך דאַרפן די מענטשן ניט פאַרלאָזן אַף גאָטס באַראַט. שיקט צו גאָך זיי אַ מינענטרעגער...

מורזאַק ענטפערט עפּעס ווי מיט שפּאַס:

— שוין אָוועקגעשיקט...

עס האָט אים אַ מיאוס געטאָן אין האַרץ ווי מיט אַ ספּרוזשינע: „גיט שוין זשע וועלן די- געאָרגיעווצעס זיי פאַרהאַלטן"... און ערגעץ טיף אינ- ווייניק אַ פאַרבאָרגענער געדאַנק: „ס'וואָלט גוט געווען, אַז זיי זאָלן זיי טאַקע פאַרהאַלטן. אונדזערע וועלן ניט אַרויסגעבן... וועלן זיך איינשטעלן... וועט זיך פאַרקאָכן אַ קאַשע... מען וועט זיך געמען פאַרן געווער... און די פּאַניקע וועט דערווייל אַריבערגיין... איינגעגראָבן זיך מיט די אויגן אין „געאָרגיען".

— באַ די סיגנאַליזאַטאָרן זיינען אין די הענט שפּאַקטיוון. קוקן זיך איין שאַרף. און פון אויבן דערטלער:

— אונדזערע לויפן אַראָפּ פון טראַפּ... לויפן איבערן מאָל... עס איז צו זען מיטן געוויינלעכן אויג: דער מינענטרעגער „267" איז צוגעגאַנגען צום מאָל. די בלויע העמדלעך האָבן זיך אַ שאָט געטאָן ווי אַרבעס. עס האָט זיך אויסגעקערעוועט דער מינענטרעגער און גייט שוין צו צו „פּאָ- טיאָמקינען". אַלע צוריקגעקומען, אויסער דעם דאָקטער.

דער סטודענט האָט צונויפגעלייגט די הענט ווי אַ רופאַר:

— און ווו איז דער דאָקטער?... וואָס איז מיט אים? פאַרוואָס האָט איר אים ניט מיטגענומען? מען וועט דאָך אים הענגען...

באַם מאַטראָס זאַווישיעוון קוקן אַרויס פון אַרונטער זיינע שוואַרצע ברעמען שטעכיקע, נעגלדיקע אויגן. ער איז געוואָרן צונטער רויט, און האָט בייז אַ וואָרף געטאָן:

— וואָס זשע דען? מען וועט אים הענגען! אָבער ניט פּאַרן האַלדז, נאָר אַפּן ברוסט...

דעם סטודענטס נערוון האָבן ניט אויסגעהאַלטן. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין קאַיוטע. אַ פאַל געטאָן אַפּן בעטל. איין געדאַנק באַ אים שוואַ- צער פון דעם אַנדערן. ער האָט ביז ווייטיק אין די ביינער פאַרבראָכן די פינגער. אין קאָפּ קלינגט באַ אים: „ווען איך זאָל געווען פאָרן אָף „געאָר- גי" אָנשטאָט דעם דאָקטער, וואָלט ניט געשען דאָס, וואָס עס האָט גע- טראָפן. די כוואַיירים האָבן מיר אָנגעטרויט אַזאַ גרויסן איניען"... ער האָט כאַראָטע, דער סטודענט, און פּייניקט זיך.

אינדערפרי נרייט געווען לאָזן זיך אין שלאַכט קעגן דעם צאַריזם, איינעמען די שטאָט — און צו דער נאַכט אַזוי שענדלעך אָפּטראָגן זיך...

צו אים איז צוגעגאַנגען קיריל. אין די אויגן באַ אים — אַ גרויל. קורץ, קוים אַרויסגערעדט:

— מען הויבט זיך אַראָפּ פון אַנקער...

בײַ דעם סטודענט רײַסט זיך איבער די שטים:

— זײַן אין פּולער שלאַכטגרײטקײט און אַזױ מיעס אַנטלױפן. און דאָס איז אין דעם מאָמענט, װען גאַנץ רוסלאַנד װאַרט אַף אונדזער װאָרט...

קיריל באַרוזשקט אים. אים איז אױך ניט גרינג. ער האָט זיך אין די הענט גענומען:

— װאָס זשע זאָלן מיר טאָן?... קײן אַנדער אױסװעג איז ניטאָ... ביז מיר װעלן זיך ניט איבערצײַגן, אַז ס'איז פאַרלאָרן אַלץ מיט אַנ'אַנדער, ביז דאַן מוזן מיר קעמפן.

אין מיר שטײט מאַטיושענקאָ. ער איז צו זיך געקומען, באַדענקט זיך. אַפן געזיכט בײַ אים סימאָנים פון אופרעגונג. הײזעריק בינדט ער זײַנע װערטער. די שפּראַך אַ טערפּקע, אַ געדיכטע. ער באַרוזשקט זײ אַף זײַן אופן:

— צעקראָכן געװאָרן? נישקאָשע... מיר װעלן אונדזערס נעמען... די שיף-קאָמאַנדע װעט זיך באַראַכטן... ס'איז נאָך ניט אַלץ פאַרלאָרן... מיר װעלן פאָדערן אין רומעניע קױלן, שפּײַז און װאַסער...

דער געלבערדיקער האָט איבערגעשלאָגן:

— אָבער אױב עס װעט אױסקומען צו אונטערגעבן זיך?...

דער מאַטראָס האָט כיטרע אַ װונק געטאָן:

— נו, דאָס װעלן מיר נאָך זען...

— — — — — — — — — — — —

דומפּיק, הײס. די זודיקע צונטער-צעפלאַקערטע זון האָט דורכגעריסן אַ לאַטע אין אַ פּורפּורנעם װאָלקן. „פּאָטיאָמקין“ מײדט-אױס דעם לײַכט-טורעם. ער שװימט לענגױס דעם ברעג. דײטלעך צײכנט זיך אױס די דרײַ-רעריקע פאַנצער שיף. שטאָלץ הױבן זיך אין דער הױך די מאַסטן-בױמער. װי אַ טרױער-קרעפּ שפּרײט זיך אין דער װײַט אַ געדיכטער, שװאַרצער רױך. עס רוקט זיך אַלץ װײַטער און װײַטער דער, װאָס האָט דער ערשטער אױפגעהײבן די רױטע פאָן אין דעם שװאַרץ-יאַמיקן פלאָט.

די יאַבאָשע האָט ניט גענוג אונטערגעהאַלטן. עס גײט אַװעק דער שטאָלענער ריז. נאָך אַ ביסל — און ס'װעט פאַרשװינדן פון די אױגן די שטאָלענע לעגענדע.

דאָס איז געװען דעם 18-טן יולי 1905 יאָר, 16 אַ זײגער באַטאָג. געדײנק!...

# אינהאלט

זײַט

